ПЕРЕЦ МАРКИШ

# ЗА НАРОД И РОДИНУ

Редактор — *Б. Котик* Обложка — художн. *А. Гефтера*

Заставки и концовки — художн. *Н. Капустина*

Подписано к печати 13/IX-43 г. Л-16740. 4 п. л., 5 1/2 уч.-изд. л. Тираж 7.000. Заказ 21.

17-я Типография национальной книги треста „Полиграфкнига",
Шлюзовая набер., д. 10.



# דעמ ייִדישנ שלאכטמאנ

1

איכ ווייס: דו האָסט געקושט די ביקס אינ יענעמ טאָג,
וואָס האָט אפ וואָגשאָלנ געלייגט פונ פאָלק דאָס לעבנ,
אונ מיט א יעדנ שאָס, ווי מיט א דונערדיקנ גלאָק,
האָסטו געבענטשט דאָס לאנד, וואָס האָט זי דיר געגעבנ.

האָסט א דערקלערונג מאכנ פייערלעכ געהאט
מיט פייער אונ מיט בלוט דורכ אופשטייג אונ דורכ ווייענ —
דו! דער ייִד! דער בירגער! דער סאָלדאט!
דו! דער ייִד! דער רויטארמייער!

געהאט האָסט א דערקלערונג מאכנ מיט דער ביקס,
אזא, וואָס ניט פארוועלקנ וועט זי ווי די שטערנ —
דו ביסט געוועז, וועסט זיינ, דו ביסט
קעגנ דער פינצטערניש אונ קנעכטשאפט דער פארשווערער!

דו האָסט אמאָל פונ בערג געבאָטנ צענ דערקלערט,
אז ס'זאָל מיט זיי דאָס הארצ פונ וועלט זיכ פיטערנ אונ פעסטענ.
פארפאָלגטע, טראָגנ מיר זיי שטאָלצ איבער דער ערד
דורכ אלע ארבע מיסעס בעסדנ —

פונ פאָלק צו פאָלק — מיט דערנער אפ די הענט,
פונ לאנד צו לאנד — מיט וואָגל-ווינט געפאָרט דאָרט.
מיר מעלדנ זיי איכ דאנ, ווענ אונדזער מויל איז שוינ פארברענט!
מיר מעלדנ זיי אויכ דאנ, ווענ אונדזער האלדז איז שוינ געשאָכטנ!

אצינדער טראָגט זיכ דיינ דערקלערונג צו דעמ קאט,
אזא, וואָס נאָר מיט ביקס אינ האנט דערקלערנ קאָנ מענ.

ס'באוועגט זיך בארג און טאָל, עס מורמלט גראָז און בלאַט,
און בלוט אַף אַלע וועגן שרײַט: — נעקאָמע!

איך ווייס: דו האָסט געקושט די ביקס אין יענעם טאָג,
וואָס האָט דיך אויג אַף אויג געשטעלט מיטן באַגרעבער,
און מיט אַ יעדן שאָס, ווי מיט אַ דונערדיקן גלאָק,
האָסטו געבענטשט דאָס לאַנד, וואָס האָט זי דיר געגעבן.

2

אַלציינס — צי שמעלצסט זיך אײַן אין רודער פון אַ טאַנק,
געגורט מיט גרימצאָרן און געגעמדיקע בלײַען,
און טראָגסט זיך שטאָלץ איבערן טויט ווי דער געדאַנק
אונטער דעם בליץ-געפליעסק פון דונער און פון פײַער,

צי אין געפלאַצטן הימל מיט גערויש און דראַנג
איבער זעניטן-וואַלד פון פלאַם דיך טראָגן פליגל.
נאָר אין דײַן יעדער שאָס איך הער אַזאַ געזאַנג,
וואָס איז נאָך הייליקער און זיסער פון דער מאַמעס וויגליד.

צי אַפן מיטן פעלד — אין וויכערדיקן האַנט-געפעכט,
צי באַם האַרמאַט — דאָס פײַער איבער שטרעקעס ריכטנד,
הויערסטו אום, ווי זאָטלענדיק אַ פלאַמיק פערד,
און שוויס ביז בלוט פון דײַן צעגליט געזיכט גייט,

צי אינעם קוילנוואַרפער אײַנגעגלידערט ביסט,
צי דורך גראַנאַטן בליצט איבערן פעלד דײַן קראַפט-שײַן,
נאָר פון דײַן יעדן זאַלפּ איבערן האַרצן זיך צעפליסט
אַזאַ פאַרפלייצנדיקער באָרכי נאַפשי!

די שפּראַך פון דיכטער און נעוויִים אַף דער ערד,
דער רויש פון טײַכן, דער געמורמל פון די ביימער,
זיך הייליקן זיי קומען באַ דער לויכטנדיקער שווערד,
מיט וועלכער דו באַצאָלסט פאַר פאָלק און היימלאַנד!

די שפּראַך פון ווינט, די שטילקײַט פון די בערג,
פון רעגנבויגן די קאָלירן און די פאַרבן —
זיך שלײַפן קומען זיי צום בלענד פון דײַן געווער,
מיט וועלכן דו בראָקסט די הענקער און פאַרדאַרבער,

פונקט ווי געשליפֿן זיך אַמאָל זיי האָבן בא איר ליכט,
די שאַרף פֿאַרשפּרעכנדיק, באַרוישט און האַסטיק,
דאַן, ווען געשטורעמט און געבראָכט דו האָסט מיט איר
פֿון פֿינצטערניש די דאָגמע און סכאָלאַסטיק!

3

פֿון ניט פֿאַרוועלקנדיקן אוראַלט איך פֿאַרנעם,
ווי א צאַוואָע, דעם געריש פֿון שלאַכטן. איך פֿאַרגעס ניט,
ווי שימען און ווי לייווי האָבן אויסגעקוילעט שכעם
פֿאַר לעסטערן, פֿאַר שענדן זייער שוועסטער.

אַצינדערט איז קיין צאָל אַף ציילן ניט פֿאַראַן,
קיין וואָרט אַצינד אַף וויינען איז ניטאָ מער.
זאָל ווי א באַרג זיך איצט אַראָפּלאָזן דיין האַנט,
זאָל דריי מאָל, ווי דער אומגליק, גרויס זיין די נעקאָמע!

דער גלאַנץ פֿון זייער בלוט איז זיסער פֿון באַגין,
קיין פֿרייד אַזא אינערגעץ איז ניטאָ מער —
אָט שטייט ער קעגן דיר, דער דייטש, פֿונקט ווי א יאַשטשער גרין, —
רייס זיך אַריין אין גאָרגל, אין זיין טאָמען,

און ביזן לעצטן אָטעם ניט פֿאַרגעס
פֿון זויג־קינדער געשליידערטע, פֿון מאַמעס די געהוילן,
די ערד די וויינענדיקע פֿון דער שטאָט אָדעס
און דאָס געוויין פֿונעם פֿאַרבלוטיקטן לוקיאַנאָווקער בעסוילעם.

איבער געשאָכטענע קעהילעס, איבער אָרעמקייט צעפּליקטס
יאָרהונדערטער זיך קויקלען, פֿונקט ווי רייפֿן.
ווּעסט, יידישער סאָלדאַט, זיך ניט צעשיידן מיט דער ביקס,
ווי ס'האָבן דיינע זיידעס ניט צעשיידט זיך מיטן סייפֿער.

דו וועסט זי ניט אַרויסלאָזן פֿון האַנט אַצינד,
ס'וועט אין דיין צאָרן איבערברענען יעדער פֿעסטונג.
— א שטאָט פֿאַר יעטווידן געשאָכטן קינד!
— א שטאָט — פֿאַר יעטווידער געשענדטער שוועסטער!

גיי, רויטאַרמייער יידישער, נעקאָמע נעם,
זאָל זיך ניט אויסשעפּן פֿון האַרץ דיינעם דער צאָרן,

ביז ס'וועט בערלין ניט זײַן צעבראָקט ווי שכעם,
ביז ס'וועט דאָס בלוט ניט זײַן באצאָלט פֿון דײַנע קוואָרים!

4

איך ווייס ניט — גרוי צי שווארץ
איז דער קאָליר פֿון דײַנע אויגן,
ווארשײַנלעכער פֿון אלץ זײַנען זיי שארף
און דורכדרינגלעך, ווי פֿײַלן פֿון די בויגנס.

איך ווייס ניט — בלאָנד צי שווארץ
און צי געקרײַזלט איז דײַן קאָפּ באוואקסן.
ווארשײַנלעכער פֿון אלץ
איז ער פֿארפֿעסטיקט מיט געדאנק אף דײַנע אקסל,

און דענקט מיט פֿײַער און מיט פֿלאם
און איז מיט מונטערקײַט מיט שלאכטיקער באלאָדן,
אלצייַנס, צי שווימסטו אפֿן דעק פֿון יאם,
צי טראָגסטו זיך אין וואָלקנס, ווי אן אָדלער,

מיט שראמענע שלאכטיקע דורכויס באקריצט,
מעסלעסן קײַלעכיקע נאָכאנאנד — קיין רו ניט.
ווי זיס איז ער, דער שווינדלדיקער בליץ,
וואָס ווײַזט דעם וועג צו שארבנס דײַטשישע דײַן דונער,

און רײַסט זיי אוף, און שטאָפּט זיי אָן מיט קויט,
און גיט זיי שלאָפֿגעטראנק צום לעצטן אײַן נאָך.
אָ, סארא טײַנעג ס'איז, ווען ס'קומט אף זיי דער טויט
דורך הענט דורך אויסגעווייטעקטע דורך דײַנע,

אין פֿארב אין איינציקער פֿון גליק געגארטס,
פֿון פֿאָנען, פֿלאטערדיקע איבער שלאכטן,
זע איך דײַן הייס, דײַן ברענענדיק, דײַן ייִדיש הארץ,
דײַן דאָרשט צום זײַן, און צו דעם ניט-זײַן — דײַן פֿאראכטונג!

איך ווייס ניט דעם קאָליר פֿון האס.
איך ווייס זײַן קראפֿט, און פֿון זײַן קראפֿט די פֿאָלגן.
איך ווייס: ס'וועט זײַן א יאָמטעוו אויך אף אונדזער גאס,
און אין דער קייט דער גאָלדענער וועט אײַנשליסן דאָס פֿאָלק דיך!

איך ווייס: דו האָסט קיין ברויט ניט אָנגערירט אין יענעם טאָג,
ווען ס׳האָט דער קאַט דאָס פאָלק צום אויסראָטן געמאָלדן.
נאָר ניט קיין טאָנעס ס׳איז געווען און ניט קיין פלאָג,
געמאָלדן מ׳האָט עס ניט צום ערשטן מאָל דיר...

דאָס וואסער אויסגעטריקנט אין באקלאזשקע האָט,
געריסן קריע אפן לײַב האָסטו פון צאר און ווייטאָק,
ווען זקיינים האָט דער קאַט געיאָגט אף מאָרד און שפּאָט,
ווען איבער קינדער האָט די האק געטאָן זיך א צעגיי דאָרט.

נאָר ניט אראָפגעלאָזט אין פּײַן האָט זיך דײַן קאָפּ,
דײַן ביקס, פונקט ווי א ריי ניקײַט, האָט זיך אין ד׳רהייך געהויבן!
צוויי טויזנט גאָלעס-יאָר זײַנען פון דיר אראָפּ,
און פינף און צוואנציק פריילינגס צערטלען דיך מיט צויבער,

אז ווי א לייב אין שלאכטן גייך זאָלסט גראד,
דײַן גײַסט זאָל שטאָלצ קעגן דעם הענקער זײַן פארמאָסטן.
— דו האָסט באשטעטיקט דײַן בארוף בא סטאלינגראד!
— דו האָסט דײַן רעכט באשטעטיקט אונטער מאָסקווע!

פאָרויס אונטער דער פאָן — דער ברידערלעכער רוס,
מיט דיר דער אוקראַינער גייט צוזאמען
און דער ווײַסרוס, און נאָך, און אלעמען איז גלײַך באוווסט,
אז נאָר איין היימלאנד איז פאראן, ווי ס׳איז פאראן איין מאמע!

און שטארבנדיק אף שלאכטפעלד, בענטשן וועסט די שווערד,
און מיט א קוש זיך צולייגן צו דער באפרײַטער שוועל דאָ.
אויך מיט דײַן לײַב ז׳פארקנאָטן רוסלאנדס ערד,
אויך מיט דײַן בלוט זײַנען באגאָסן אירע פעלדער!

איז נעם פון הארצ מ׳נעם דאָס טיפסטע קאָל,
עס שיידט זיך ניט ניט ט־יט מיט דײַנע בא די ראנדן!
דיך אין דער קייט דער גאָלדענער וועט אײַנשליסן דאָס פאָלק,
א שטערן אָנטאָן וועט א גאָלדענעם דאָס לאנד דיר!



## האָ לאכמאָ

1

מ'האָט אים אינגאנצן ניט באדארפט, דעם קאָנטראבאס,
מע האָט געוויס געקאָנט באגיין זיך אָן אים, —
נאָר ס'גייט א גאנצע שטאָט, א גאס יאָגט אָן א גאס,
צום אומגליק לאָזן אלע זיך, ווי מעכוטאָנים,

און רוישן מיט די בערד דורך פארמעטענער הויט
און שטעלן שטאָלץ זיך בא דעם קייווערדיקן ראָוו אויס:
— האָ לאכמאָ! — אָט אָ דאָס אָ ברויט
האָבן דורך שטערן אונדז פארזאָגט אונדזערע אָוועס.

ניטאָ אין שטאָט קיין איינציקער, וואָס פאסט.
צום קייווער, ווי צום טיש! די אויגן — קלאָרע!
איז אין א טאלעס אָנגעטאָן דעם קאָנטראבאס
און אים פארדעקט דעם קאָפּ מיט אן אטאָרע.

— הייב, מאלכאמאָוועס, אָן! ס'איז דיר די פינצטערניש פארטרויט!
נאָר צו דער הימלדיקער ליכט ניטאָ קיין סאָף איז;
— האָ לאכמאָ! — דאָס איז עס דאָס ברויט,
וואָס ס'האָבן דורך די שטערן אונדז פארזאָגט די אָוועס.

2

א רויטער גליטש. די ערד איז גלאנציק נאס.
דער מאלכאמאָוועס גליטשט זיך אלע ווײַלע אויס די טריט דאָ.
עס שפּילט אפּ זיך אליין באנאכט דער קאָנטראבאס
א קייווערדיק באזעצנס פאר א שטאָט מיט ייִדן.

אין כאסענעס דערמאָנט ער זיי פארפלויגענע געשווינד,
אין מאָלצײַטן אין אָרעמע מיט זיבן טאמען...
עס פאלט אין גרוב א דורכגעשטאָכן קינד,
און ס'שטרעקט צום לעצטן מאָל די הענט א מאמע...

זי האָט אזוי געשטרעקט די הענט באם ליכטבענטשן, אין נויט,
זי האָט אזוי געשטרעקט די הענט אין פיבער פון געבוירן.
— האָ לאכמאָ! — אָט אָ דאָס אָ ברויט
האָבן די אָוועס אונדז פארשפּראָכן ווי דעם גוירל.

אצינד וועט אונדזער טרוקנ ברויט זײַנ — האס!
אונ ליכט פונ שווערד וועט יעדער קיװער איצטער מאָנענ;
מ'האָט אים אײַנגאנצנ ניט באדארפט, דעם קאָנטראבאס,
מע האָט געוויס געקאָנט באגיינ זיך אָנ אים!

3

אצינד, ווענ ס'קערט די ריִע מיר זיך אום צוריק אליינ,
איז מיר א ריס די אויגנ עפענענ אונ זענ מיט יעדנ גליד דאָ,
אז ס'איז מײַנ הארצ אראָפּגעפאלנ, ווי א שפּיגל אפ א שטיינ,
אונ מיט א קלונג פונ בראָך אפ שטיקער זיך צעשפּליטערט.

געוויס איז אויך א יעדער בראָך-שטיק ניט באפרײַט
צו זײַנ אנ אײדעס וועגנ מיר ביז מײַנע לעצטע פיר באשערטע אײלנ.
— צעטרעט מיך נאָר ניט, דו, — אָ, ריכטער מײַנער, צײַט,
ביז איך וועל אָפּזוכנ אינ אויסשאָט די צעשפּריצטע טײלנ...

איך וועל זיי אופקלײַבנ פּארפּרווונ — אײנס צו אײנס —
באהעפטנ זיי באנאנד, ביז בלוט אינ פינגער זיך פארשטאָכנ, —
כאָטש ווי איך זאָל זיי קונציק ניט צונויפקלעפּנ, אלציינס
וועל איך אינ דעם זיך שטענדיק זענ פארקריפּלט אונ צעבראָכנ.

ערשט איצטער קומט צו מיר אינ טרויער דער באשייד,
אינ ווײ פונ איבערשמעלצ — באגרײַפ איך פלאמיק
דעם פּײַנ פונ וועלנ זענ זיך אינ שפּיגל — גאנצערהייט,
וואָס איז אינ בראָכ-שטיקער צעזייט אפ אלע שיווע יאמים...





## א שוועע אפּנ קייווער פונ פארפּיניקטנ רויטארמייער

דעמ פּינ ביסט דורכגעגאנגענ שטאָלצער ווי דעמ רומ,
געטראָגנ ווי די ביקס זיכ אינ דער הייכ דינ ווי האָט;
זאָל ניט געשטערט דורכ טרערנ זינ דינ ריטער־רו, —
מיר וויינענ ניט! מיר שווערנ, רויטארמייער,
באמ קייווער דינעמ — ווו ער זאָל ניט זינ
אונ ווו איר שויס האָט ניט צעשפּארט די ערד אימ:
ס'וועט זיכ אינ שייד ניט לייגנ ס'גרויזאמע קליזינ,
ביז אומקומענ ס'וועט ניט דער שטאמ פונ דינע מערדער,
וואָס האָבנ מיט דינ לעצטנ וויטעק זיכ געטיילט,
ווי מיט דינ קלייד, אימ ריסנדיק מיט נעגל שארפע;
אפ גאָר דער ערד וועט ניט געפינענ זיכ קיינ שטיינ,
וואָס וועט אליינ אינ זיי ווי קלאָלעס זיכ ניט ווארפנ!

באשאָטנ האָט די ערד דעמ קאָפּ מיט אש,
מיט טרויער זיכ פארדעקט האָבנ די פּאָטערלעכע וויטנ, —
נאָר דו האָסט אופגעלויכטנ דרייסט, אָנ ראַש,
פונקט ווי אינ אויספירונג געגאנ צו דינע לעצטע לײדנ.
געגאנגענע אויסגעטאָנ פונ לאסט אונ אָל,
מיט ליבע פול צומ פּאָטערלאנד אינ הארצנ,
אנטקעגנ הענקער דינע ביסט געשטאנענ שטאָלצ
אונ מיטנ לעצטנ דעכ געשפּיגנ זיי אינ פּארצעפ,
געשטאנענ צוגעבונדנ צו א בוימ,
ווי פּראָמעטיי צומ פעלדז, מיט העלנ בליק צו וויט;
נאָר ניט קיינ אָדלער האָט געפּיקט דינ הארצ אינ רוימ.
א ברוינער וואָרעמ האָט בא דינ צופוסנס זיכ געוויטערט.

געלויערט שייטערס האָבנ אפ דינ לעצטנ טראָט
אונ פּינ אזא, וואָס ס'האָט ניט אויסגעטראכט דער געגנעמ;
נאָר דו האָסט ניט געוויינט אונ ניט געבעטנ קיינ גענאָד

אונ דרייסט צו לעצטנ פרווו דײנעמ געגענענ.
געוויינט פאר דיר האָבנ די וועלדער אונ דער ווינט,
די טײכנ האָבנ זיכ ווי אפ געשלעג באוויגנ,
פונ גרונטפעסט האָבנ בערג געריסנ זיכ געשווינד,
אונ ס'האָט די זונ מיט כמארעס זיכ פארצויגנ.

צונויפגעפרעסט דורכ דײנע ציינ האָט זיכ א ליד געהערט,
א ליד, ווי דאָס געשאל דאָס ווינטיקע פונ יאמענ.
מיט טרערנ האָט געוואָרגנ זיכ די גאנצע ערד,
אונ ערגעצ האָט די הענט געשטרעקט דײנ מאמע
אונ האָט אפ העלדנמוט געבענטשט איר צווייטנ זונ,
געטײט אפ דיר מיט בריענדיקע טרערנ:
— עס שווערט דאָס לאנד דאָס גאנצע בא דער זונ!
— עס שווערט דאָס לאנד באמ הימל אונ בא שטערנ!
— עס שווערט דאָס לאנד זיכ מיט דער לעצטער שלאכט —
איר דונער-קנאל אינ וויטנ שוינ זיכ הערט דאָרט, —
פונ דײנע אויגנ אויסגעשטאָכענע די הוילע נאכט
וועט זײנ דאָס פאָטערלאנד פונ דײטשע מערדער!
עס האָט צו דיר קיינ צוטריט ניט דער טויט.
עס שווערט דאָס לאנד באמ ווייטעק פונ דײנ מאמע:
דאָס בלוט פונ שטערנ, אויסגעקריצטנ אפ דײנ הויט,
וועט סארפענ אפנ לײב פונ גאנצ גערמאניע!

דײנ רו באוואכט אינערגעצ ניט קיינ שטיינ,
אונ ניט באוווסט ז'דאָס אָרט פונ דײנע לעצטע ליידנ:
עס וועלנ קומענ קינדסקינדער צו דיר אליינ,
זיי וועלנ דיכ אינ הארצ אדורכטראָגנ דורכ אלע צײטנ.
אפ אונדזער פרײער ערד — באפרײט זיי וועלנ גיינ
דורכ ווינט אונ פראָסט, דורכ היצ אונ שניי ענ
פארנייגנ זיכ פאר דײנ אומשטערבלעכנ געביינ,
פארפײניקטער אונ שטאָלצער רויטארמייער!
די הענט פארברעכנ מיר קיינ רעגע ניט אינ צאר,
זיי זײנענ פול מיט צאָרנ פאר די לייד אונ וויי ענ;
אונ זײנ וועט גרויזאמ די נעקאָמע אונ דער סכאר —
מיר ווײנענ ניט, מיר שווערנ, רויטארמייער!

★★★

# ענטפער, טאַליענ!

דאָ איז דײַנ ראַנד! צווישנ פּעגאָרים-בערג פונ אַש!
געשווינדער אײַל! פאַרטרײַ איצט דײַנע ווארגנדיקע טריט אים!
האָסט עפּשער נאָכ מיט וואָס צו איבעראַשנ — איבעראַש!
באַוווּנדערנ פאַרלאַנגסט עפּשער מיט עפּעס — ביטע!

נאָר בעט ניט קײנ גענאָד! עס איז דײַנ מויל אינ בלוט!
מאַכ זיכ צום אָפּשײד גרײט. געזעגנ מיט דער האַק זיכ.
ס'קערט עפּשער אום זיכ דער פאַרשטאַנד דיר אַפּ אַ ווײַלע — גוט!
איז שלעפּ אַראָפּ דעמ ווערעמדיקנ רויב-זאַק פונ די אַקסל,

מיט כעוזשבנ טרײסל אויס אים ביז צום דעק,
ווײַז, צוליב וואָס זײַנענ געוועזנ אָפּנ דײַנע אויגנ,
צו וואָס עס האָט בײַ דיר אַ האַרצ געקלאַפּט — אַנטפּלעק!
אונ צוליב וואָס עס האָבנ דײַנע אַנגלענ זיכ באַוויגנ.

די הענט דײַנע די בלוטיקע — באַקוק!
די טרערנ אונ דעמ וויי, וואָס זײ האָבנ געקאָסט, — באַרעכנ!
עס זײַנענ דײַנע בערג פּעגאָרימ ניט גענוג
אַפּ צו באַצאָלנ פאַר די מאָרדנ אונ פאַרברעכנס,

וואָס האָסט מיט זײ באַקרויִנט דײַנ בלוטדורשטיקנ וועג,
וואָס האָסט מיט זײ פאַרזײעט שטעט אונ לענדער.
ניט אַפּ קײנ רו געעפנט האָט דײַנ קײווער זיכ! ער פרעגט:
— ווער ביסטו, כײַע, אונ פונוואַנענ — ענטפער!

עס קאָנ דעמ וועג ניט טרעפנ דער פאַרשטאַנד,
עפּעס פאַראַטנ דאָס געזעצ פונ דער נאַטור האָט אונ פאַרענדערט:
— אַוועלכע טראַכט דיכ אויסגעטראָגנ האָט אינ פּעסט אונ שאַנד?
— אַוועלכע העקדעשנ האָבנ דיכ אויסגעכאָוועט — ענטפער!

דער קײווער פרעגט. עס הערט זיכ אײַנ דער רוימ.
די ווײַט — אַנ אופגעוועקטע רײַסט פונ זיכ די פּענטנ:
— ווער האָט עס דיכ, פאַרדאַרבונג, צעפּגעלאָזט פונ צוימ?
— ווער האָט צום לעבנ דיר געגעבנ שליטע — ענטפער!

ס'װיל ניט דאָס פעלד פארשטאָכנ זײַנ מיט צלאָמימ װיסט,
אונ ס'װיל די גרינע בײט ניט גראָבנ זיכ פאר קװאָרימ;
דעמ אקער מאָנענ זײ! ער זאָל זײ געבנ א צעשליס.
זײ דארפנ פרוכפערונג, זײ דארפנ בליִענ אונ געבאָרנ!

נאָר ס'קאָנ די ערד קײנ פרוכט ניט געבנ פונ איר טראכט,
אונ בײמער קאָנענ ניט אנטפלעקנ זײער שפראָצונג,
ביזװאנענ ס'װעט אפ דיר ניט אָנטאָנ זיכ די נאכט,
ביז אָפגעמעקט ס'װעט ניט דײַנ לעצטער טראָט זײַנ!

ניט אופגײנ קאָנ פונ טיפעניש דער קװאל,
ניט לײגנ קאָנענ זיכ די טויענ אפ געװיקסנ,
ביז אונטער שװערד — דער לעצטער װעט פונ אײַכ ניט טאָנ קײנ פאל,
ביזװאנענ ניט צעבראָכנ װעט דײַנ לעצטע ביקס זײַנ!

איז בעט ניט קײנ גענאָד! אונ שטרעק ניט אויס די הענט,
װאָס האָבנ, בלוטיקע, בא פרויענ אופגעריסנ בײַכער
אונ זקײנימ לעבעדיקערהײט פארברענט
אונ מעסערס אינ די קינדער שוצלאָזע געשלײַדערט.

א כעזשבנ פירנ מיר געדולדיק אונ גענוי.
ער איז מיט בלוט פארקריצט אונ מיטנ װײטעק טיפ באהאלטנ;
מיר װעלנ אופמאָנענ פאר יעדעס אויסגעשטאָכנ אויג,
פאר יעדעס קינד, פאר יעדער טײַװלשער פארגװאלדונג!

טרינק אויס דעמ גיפט, װאָס האָסט אינ בלוט דײַנעמ אנטפלעקט
אונ אפ אימ אָנגעטאָנ א פינצטערע קאמײע, —
דער קײװער װארט. טרינק אויס אימ ביז צומ דעק.
ס'באפעלט דיר דאָס געבײנ פונעמ פארברענטנ רויטארמײער,

װאָס דו געשונדנ האָסט זײַנ ברענענדיקע הויט,
אונ ער האָט אינ דײַנ פארצעפ טויטערהײט דיר אָנגעשפיגנ.
ער לעבט! דו הערסט? ער איבערװוּנדנ האָט דעמ טויט.
— נעקאָמע! — רײַסט דאָס פײַער פונ זײַנ לײַב זיכ װי מיט פליגל.

— נעקאָמע פאר די זויג-קינדער, ארויסגעריסענע פונ שטאמ!
— נעקאָמע פאר די מאמעס די געשענדעטע אפ װעגנ!
ס'װעט ניט גענוגנד זײַנ דער גענעמדיקער פלאמ
אונ ניט די אָפגרונטנ פונ יאמ פארדײַנעטװעגנ!

— נעקאָמע פאַר די טעכטער די פאַרפּייניקטע אין שאַנד!
— נעקאָמע פאַר די היימלאָז-וואָגלענדע יעסוימים!
עס לייגט ניט איין זיך בא דעם סאָטן אין פאַרשטאַנד, —
פון וועלכע שטייגן אויסגעריסן האָסטו זיך, פון וועלכע צוימענ!

פאַרבראָכן טליִען קוימענעס ווי א דערשטיקט געשריי,
און טייכן איבער ברעגן רייסן זיך פון צאָרן:
— נעקאָמע פאַר באַגראָבענע, צעבראָקטע לעבעדיקערהייט!
— נעקאָמע פאַר דער ערד, פאַרוואַנדלטער אין קוואָרימ!

א כעזשבן ווערט געמוי מיט ווייַ געפּירט.
אים פאָרזעצן קיין קויעך און געדולד איז שוין ניטאָ מער!
עס מאָנט דאָס בלוט ס׳פאַרגאָסענע: — פאַרניכט!
עס שרייען ביינער פון פאַרפּייניקטע: — נעקאָמע!



## דערהאַרגע אים!

דערהאַרגע אים, דעם פיינט, ווו נאָר דו אים דערזעסט!
דערמאָרדע אים, ווו נאָר פון ערגעץ ער באַווייזט זיך!
צעטראָטן האָט ער העפקער דיין פאַרהאָרעוועטע נעסט,
מיט שאַנד באַדעקט דיין ליבסטע און געטרייסטע...

האַק אָפּ זיין האַנט, ווו נאָר ער שטרעקט זי אויס,
דעם טויט דורך פייער אָטעם אומעטום אַריין אים!
ער האָט דיין קינד דעם קאָפּ צעפּלעט בא דיר אין הויז
און אָפּ די אויגן פון דער מוטער עס פאַרפּייניקט.

פאַרלענד אים אַפן וועג, ווו נאָר זיך ער פאַרטרויט,
אַפּ יעדן טראָט גלייך ווי א שאָטן נאָך אים לויער;
ער האָט דיין פעלד פאַרוויסט, באַרויבט דיין ברויט
און אָנגעזויגט א יעדער גראָז מיט פּיין און טרויער.

פאַרטיליק אים באַטאָג, פאַרטיליק אים באַנאַכט,
אַפּ מילשטיינער פון ברענענדיקן צאָרן איבערמאָל אים;
ער האָט דעם אומגליק אין דיין פרידלעך לאַנד געבראַכט
און רייסט מיט וווט צום האַרץ זיך ווי א קלאָלע.

זאָל אין דער שלאַכט קיין מאָס ניט וויסן דיין געוואַג,
ווען קעגן פיינט צעגלאַנצט דיין שווערד זיך די געטריי;

דעם בוים, וואָס האָסט געפּלאַנצט, האָט ער אַ שיקערער צעהאַקט,
די שטוב, וואָס האָסט געבויט, האָט ער געלאָזט מיט פֿײַער.

דערוואַרג אים! און דעם גיפֿט זײַנעם מיט אים צעשייד!
אין אַלע זײַטן פֿיר אַפֿ אַש און שטויב צעווײ אים!
באַגראָבן האָט ער ·דאָ דײַן מאַמען לעבעדיקערהייט
און האָט איר קיוועך אויך נעלעסטערט, רויטאַרמייער.

גלי אויס אים אין דער לופֿט און אַפֿן יאַם און אַפֿ דער ערד!
דײַנע צעבליטע ביימן לאָז אים ניט פֿאַרדאַרבן.
די קנעכטשאַפֿט טראָגט ער אַפֿ זײַן אָפּגערויבטער שווערד,
דעם טויט, ווי פֿון אַ קויש, ער זייעט פֿון אַ שאַרבן.

פֿאַרניכט און אונטערברעך אים זײַנע טריט,
און פֿײַער-בערג פֿאַרלייג אים אַפֿ די וועגן;
דער דניעפּער קרעכצט מיט קייטן-וואָי געשמידט,
דער שטילער דאָן הייבט אויף זיך איבער ברעגן

און פֿאָכעט אויף איבער דעם גינגאָלדענעם סטעפּ
ווי אַ קאָזאַצקע אויסגעשלײַפֿטע סאַבליע.
— זאָל גיין דער שניט אַפֿ סוינעס אומווירדיקע קעפּ!
עס שלאָגן פֿונקען אויס די פֿערד, זיי רײַסן זיך און צאַפּלען.

דאָס האַרץ פֿאַר שטורעם גיט זיך אַ צעכראַסט,
אַפֿ פֿאָנען לאָזן זיך אַראָפּ אַליין די שטערן.
— זאָל ניט דער טרויער אָפּטעמען דײַן רו, נאָר האַס!
און זאָל דײַן שלאָפֿלאָזיקײַט זײַן — נעקאָמע, ניט קיין טרערן!

פֿאַריאָסעמט קוקט דער וואַלד, ווי ס'טרײַבט דער פֿײַנט דײַן טאַטן אין דער פֿרעמד
אַפֿ קנעכטשאַפֿט, אונטער שווערד באַוואַכט דאָרט;
— אין רייפֿן פֿלאַמיקע פֿאַרצי אים און פֿאַרקלעם,
דערשלאָג אים, רויטאַרמייער! אָן ראַכמאָנעס אים דערהאַרגע!

דײַן שוועסטער ט'ער געמאַכט צו שאַנד און שפּאָט,
דײַן קינד געקעפּט און עס פֿאַרברענט דערנאָכדעם;
ניטאָ קיין לעבן אונטער סוינעס טראָט!
— דערהאַרגע, וווּ דו טרעפֿסט אים, און דערמאָרדע!

## מאטראַסן

זיי זײַנען אראָפּ אפֿן טויטן קרעשטשאטיק,
די לײַבלעך — אינ שטרײַפֿן, די לײַבער — אינ בלוט;
אפֿ יעדן געקוקט האָבן צוויי אווטאָמאטן,
און איינער האָט הינטן באַגלייט דעם מארשרוט.

געברוינט דורך צעפליקטע בושלאטן האָט בראָנזע,
און יעדער צעבלוטיקטער בײַל האָט דערציילט:
זיי האָבן געשלאָגן ביז לעצטן פּאטראָן זיך,
דערנאָך מיט די נעגל, דערנאָך מיט די ציין.

דערנאָך האָבן טאנקען געלאָזט פּונדאָסנײַ זיך,
און ווי אפֿ א פּעסטונג — צו יעדן מאטראָס;
און ענגער ארום האָט פֿארצויגן דער קרײַז זיך,
נאָר קיינער פֿון זיי האָט דאָס פעלד ניט פֿארלאָזט.

א קוק געטאָן האָט מען צולעצט אפֿן דניעפּער,
צו אים נאָך א בראָכע געטאָן זיך א הויב;
געלעגן איז ער אינ א בלוטיקן נעפּל,
די כוואליעס ווי קייטן געקלונגענע פֿארטויבט.

געווענדט זייער בליק האָט צו אים זיך פֿון ווײַט שוין,
דער הימל געטוליעט זיך ווי צו א וווּנד.
— זאָל קארג זײַן דײַן פלוס-בעט פֿאר בלוט פֿון די דײַטשן,
ניט קלעקן פֿאר זיי זאָל דײַן קיווערשער גרונט.

ניין, ניט קיין געפֿאנגענע זײַנען מאטראָסן
געגאנגען צו דעם טויט פֿאר דעם לײַבלעכן דניעפּ.
מיט דײַטשישע שארבנס געבעט אפֿן גראָז זיך
זיי האָבן דעם לעצטן מארשרוט, ווי מיט טרעפּ.

זיי זײַנען אראָפּ אפֿן טויטן קרעשטשאטיק.
די לײַבער פֿארבלוטיקט און הוילע די פֿיס —
אַן אונטערגעשאָסענע אָדלערשע טשאטע —
עס האָבן די קיִעווער בערג זיי געגריסט.

פֿארוואלגערט די גאס איז אינ ציגל געלעגן,
פֿון אונטערגעבראָכענע הײַזער פֿארלאָזט,

דער טרויער פונ שטאָט איז געגאנ ווי א רעגנ,
פונ צווישנ דעמ בראָכווארג געשפּארט האָט זיכ גראָז.

ס'וולאדימירער בערגל ז'איז בלוט אײַנגעריכט דאָרט,
אונ גרוי זײַנענ ביימער פונ שאנד אונ פונ צאר —
ס'צעפליודעטע גרינס איז ווי קעפּ פונ גערירטע.
באשאָטנ מיט אש איז א יעדער בולוואר.

מארשירט דאָ זיי האָבנ פונ יאָמטעוו צו יאָמטעוו,
די ליענטעס געפלאטערט מיט גאָלדענעמ פלאמ;
עס האָט זיכ די שטאָט זיי א פרײַע דערמאָנט דאָ,
אינ צוויט א צעוויגטע, אזוי ווי א יאמ.

אונ איינער דעמ בליק דעמ קאָנוואָיענעמ מײַדנד,
געווענדעט זיכ האָט צו מאטראָסנ: — בראטווא!
געגאנגענ זאָל זײַנ, ווי געגאנגענ מ'איז מײַ דאָ!
אונ ס'האָבנ די קעפּ זיכ א הייב געטאָנ וואכ,

א ברענ געטאָנ האָבנ אינ בלוט די בושלאטנ,
פונ אויגנ פונ טריבע רײַסט דורכ זיכ א שטראל,
דערמונטערנ זאָל זיכ דער טויטער קרעשטשאטיק,
אונ זאָל זיכ דערמונטערנ דער ארסענאל.

עס וועלנ נאָכ קומענ מאטראָסנ פונ צאָפנ,
מאטראָסנ פונ דאָרעמ שוינ אײַלנ זיכ, דניעפּ!
א ווינט איבער גאסנ איז איבערגעלאָפנ,
א הייב האָבנ ביימער געגעבנ די קעפּ.

אונ ס'קלאפּנ די טריט שוינ. די רייענ זיכ ציִענ.
אונ — אקסל צו אקסל, מאטראָס צו מאטראָס,
אונ ס'גיט א צעגאָס זיכ א ליד איבער קיִעוו:
צעוואָרפנ דער יאמ האָט זיכ ברייט... אונ — א שאָס

פונ צוועלפ פאראבעלומס געצילטע מיטאמאָל...
מיט בלוט דאָס געזאנג שוינ איניינעמ זיכ צאפּט;
נאָר ס'האָט אינדערלופטנ א שפרונג געטאָנ דאמאָלט
אפ טויטנ קרעשטשאטיק דער דײַטשישער שטאב.

און ווי דינאמיט אונטערלייגט האָט די ליד זיך —
ס'מאטראָסישע ליד—אין די וויַטנ דערהערט:
און ס'האָט דאָרט מיט האס און מיט צאָרנ ווי בליצנ
אימ אופגעריסנ די אוקראַינישע ערד.



## דעמ פארטיזאנס מוטער

זי האָט אינ שטיבעלע אפ קיינעמ ניט געוואַרט,
נאָר אינ דער שטיל זיך איַינגעהערט אינ טריט אינ וויַטע:
— צי ט'אָגנ אייגענע פארביַי ערגעצ די וואכ,
צי דער ניט-גוטער טראָגט דעמ סוינע שוינ פונסניַי דאָ?..

אינ הימל הויכ א שטערינ ערגעצ פאלט.
זי וואָלט די הארציקע דערקאָנט דאָרט אלע לויט די שאָטנס;
ניט וויַט פונדאנ, פארטיַיעטע אינ וואלד,
האָבנ זיי אויסשפּירנ דעמ פיַינט בא וועגנ זיך צעשאָטנ.

זיי שלאָפנ ניט. זיי שליַיפנ שארפ די שווערד.
באצאָלנ דארפנ זיי פאר בלוט און היימ צעשטערטער:
עס שלאָפט ניט רוסלאנד שוינ אזויפיל נעכט,
קיינ אויג מאכט זיך ניט צו בא זיַינע זינ און טעכטער.

זי ווייסט, די אלטינקע, זי ווייסט — נאָר ניט קיינ טרער
זיך ריַיסט פונ הארצ דורכ אירע אלטע אויגנ;
אליינ האָט זי בא אירע זינ געבענטשט ס'געווער,
אליינ די רימענס אפ די לענדנ שטיַיפ בא זיי פארצויגנ,

און יעדערנ פונ זיי ארומגענומענ צארט,
זיך אָנטאָנ אלע זיי געהייסנ ווארעמ:
— דער וואלד וועט א געטריַיע היימ איַיך זיַינ באנאכט,
די נאכט געטריַי וועט איַיך פארשטעלנ פאר געפארנ!

און דריַי מאָל אָנגעזאָגט זיי בא דער שוועל
און באמ אוועקגייג — דריַי מאָל זיי איבערגעציילעמט:
— זאָל איַיך אינ נויט באשיצנ דאָס געטריַיע פעלד,
זאָל אומעטומ פונ איַיך דער גוטער שפּרוך דערציילנ!

ווענ ס'גייט שוינ קיינער ניט אדורכ דעמ וועג,
ווענ פײַערלעכ אינ פענצטער אויסגעלאָשנ זײַנענ,
איז לאָזט זיכ אומבאמערקט די אלטינקע אוועק
אריבערברענגענ שפּײַז אינ וואלד די פארטיזאנער.

אצינד האָט זי אינ שטיבעלע אפ קיינ'ם ניט געווארט,
נאָר בייזע טריט האָבנ פונ נאָענט זיכ געהערט דאָכ:
אוי, ניט די זינ די הארציקע געטראָגנ האָבנ וואכ,
עס האָבנ זיכ אינ שטיבעלע ארײַנגעריסנ מערדער.

דערלאנגענ עסנ האָבנ זיי זיכ גלײַכ באפעלט,
די קו פונ שטאל ארויספירנ די רעגע.
דעמ לעצטנ ביטנ האָט די אלטע זיי געשטעלט,
אונ זיי — „וואָס נאָכ?” — מיט ביטערניש געלאָזט זיכ פרעגנ.

— מיר וועלנ איבערנעכטיקנ! — האָט גלײַכ ביז בלוט
א מאָרדעווע געגעבנ איינער מיט די פיס זי.
האָט זי זיכ אופגעהויבנ אונ געענטפערט: — גוט!
אונ די געלעגערס זיי די אָרעמע באוויזנ.

די טיר פונ דרויסנ שטיל פארשלאָסנ אפ א שלאָס,
די לאָדנס צוגעמאכט, דער טאָג זאָל זיי ניט וועקנ.
מיט ציטערדיקע הענט — אפ שטרוי דאָס לעמפל א צעגאָס,
א שוועבעלע א רײַב אונ מיטנ שטיבל זיכ געזעגנט...

ס'האָט פײַער זיכ אינ דר'הויכ געטאָנ א טראָג,
די געסט אינ רויכ דערשטיקט געלעגנ זײַנענ.
אונ ערגעצ איז די אלטינקע מיט אופגאנג אפנ טאָג
געגאנגענ זוכנ אירע זינ — די פארטיזאנער.





## אוּווערטיור

נעמט דעם גאָלעס אַף זיך, פֿייגל, און געזעגנט זיך מיט נעסטן,
נעמט פֿאַר ליב דעם קלונג פֿון שווערדן, נאָכן רוף פֿון גורל — פֿאָלגט!
אײַער ליד זאָל זײַן א בראָכע, אינעם טרויער זאָל זי פֿעסט זײַן,
זאָל דורך איר אין דורעס אָפּגיין דער ניסאָיען פֿונעם פֿאָלק,
ווי אין גאָלדענעם באַגינען האָט דורך איר די פֿרייד די גרויסע
איבער ראַכוועסדיקע רוימען זיך געטראָגן ניט געצאַמט, —
ווען אין הויכער מי געפֿלאָכטן האָט א שטרוי דאָרט צו א שטרוי זיך,
און א ציגל צו א ציגל, און א זעמל צו א זאַמד.
ס'טרעט אַצינד אַף דעם דער סוינע, ס'גייט דער טויט פֿון שוועל צו שוועל דאָ.
אין די ברענענדיקע וועלדער רײַסט מיט שטאַם ער יעדן ביים.
טראָגט די ליד איצט אַף די פֿעלדער, ס'וואַרטן פֿאָלקס-געבענטשטע העלדן,
ווי אַף בריוו פֿון די געליבטע, ווי אַף ווײַטן גרוס פֿון דר'היים.
זאָל זי הייס איצט ווי א טרער זײַן, ווי פֿרימאָרגעדיקער טוי ריין,
און ווי שפּיגלדיקער כאַלעפּ שאַרף זאָל זײַן איר יעדער קלאַנג,
אַז אין שלאַכט זאָל זי די ווערט זײַן צו באַזינגען די גיבוירים,
וואָס די וויכערדיקע קעפּ זיי גייען אָפּגעבן דעם לאַנד.

טראָגט זיך, ברויזנדיקע טײַכן, טראָגט זיך, שטראָמיקע, צו יאַמען,
מיט דעם וויי און מיט דעם אומעט, אופֿגעזעגלטן באַם ראַנד.
אײַער רויש זאָל ניט פֿאַרשווינדן און אײַנערגעץ ניט פֿאַרזאַמען,
זאָל אין אים אַף ווײַט דערהערט זײַן דער געראַנגל פֿונעם לאַנד,
ווי געהערט אין אים אַף ווײַטן האָט דער שטאָלצער איבערשלוס זיך
בײַ די שוועלן פֿונעם דניעפּער, בײַ די פֿעלדזן פֿונעם ברעג,
ווען דאָס ליכט האָט ער מיט כוואַליעס אויסגעזונגען אַף די שליוזן
און אין דרעמלדיקע סטעפּעס ברויז און בליִונג אופֿגעוועקט.

ס'טרעט אפ דעמ אצינד דער סוינע. יעדער קוואל איז ער מעטאמע,
איז געזעגנט זיכ מיט פלוס-בעט אונ מיט ברעגנ זיכ צעשיידט;
טראָגט זיכ, ברויזנדיקע טײַכנ, רופט די טרײַע זינ צוזאמענ,
זאָל אצינד בא יעדנ איינעמ זײַנ די שווערד אנטבלויזט פונ שייד.
יעדער שטראָמ א גרוס פונ דר'היימ איצט — אופגעוויכערט אונ באפליגלט, —
שעפט ארײַנ אינ זיכ דעמ הימל פונ די היימענ ביז צו זעט,
אויב א קריגער אײַכ באשערט איז אפ די כוואליעס צו פארוויגנ,
זאָלנ היימלענדישע שטערנ אימ צוקאָפנס זײַנ געבעט!

לאָזט אפ שטורעמ זיכ פאנאנדער, טויזנט-וויאָרסטנדיקע יארנ,
רופט ארויס פונ זיכ די שאָטנס אונ צעשטעלט זיי אפנ וועג,
מיט געמורמל פונ די בלעטער מאכט א פאָטערלעכע ווארע
די, וואָס לאָזנ אפ נעקאָמע קעגנ סוינע זיכ אוועק!
קרוינענ הויכ אינ זונ זיכ שמעלצנ — פייגל גינגאָלדענע סטײַעס,
וועלדער רוסישע, פארקישעפט מיטנ גאָלדנ מויל פונ פאָלק,
זײַט פאר די נעקאָמע-נעמער, זײַט א היימ זיי א געטרײַע
אונ באמיט זיכ אונ באהיט זיי פונעמ לויערדיקנ וואָלפ.
ס'האָט דאָס לאנד אפ הוילע ווונדער, ווונדער-וועלדער, זיי פארטרויט אײַכ —
אי מיט שטערנ אפ פאפאכע, אי מיט ליענטע אפ דער הוט!..
זאָל זיכ יעדער גראָז פארוואנדלענ אינ א יאגעדע א רויטע
אונ פארזעטיקנ מיט בלוט זיי, אויב ס'וועט אָפגיינ ווער מיט בלוט.
טויזנט-יאָרעדיקע שטאמענ! גראָבט א קייווער פאר די מערדער!
שפרייט די שאָטנס אויס ווי נעצנ — ווו א בערגל, ווו א טאָל:
ס'גייט דער פרעמדלענדער דער סוינע אונ מיט בלוט צעשווענקט די ערד ער,
א פארוויקלטער אינ אײַזנ, א געפאנצערטער אינ שטאָל! —

אויסמושטירדט פונ דער פארדארבונג, רײַסט מענ ווילד פונ לאנד צו לאנד זיכ
דורכ געוויינ אונ דורכ כורבוינעס אונ דורכ סרייפעס אונ דורכ נעכט —
אפ געגאנוועטע ריסאקעס אונ מיט אָפגערויבטע פאנצערס
אונ אפ רײַטוואָגנס, געשפאנטע מיט געפאנגענע אונ קנעכט.
עס באגעגענענ זיי זשאבעס אונ א הינט-געביל באגלייט זיי,
מיט דער פינקטלעכקײַט פונ גוילעמס קומענ אלע אינ באוועג,
הוילע שארבנס אפ די פאָנענ, פולע רויב-זעק אפ די פלייצעס
אונ די פינצטערניש פונ קוואָרימ עפנט אופ פאר זיי דעמ וועג.

די „האזשגאָכע” האָט געגעבן אין די הענט זיי העק, ווי העקער,
די „האזשגאָכע” האָט באוויזן זיי בא יעטווידן דעם האלדז:
— דאָס וועט זײַן אצינד פון דײַטשלאנד דער בארוף און די אנט-פלעקונג,
איבער לענדער, איבער פעלקער — רויבלאנד, כּאָרדלאנד, איבער אלץ!
— הײַל דעם דרינגנ רײַך פון הענקער, ווו אפ מאָרד געזאלבט די מי איז,
די נעשאָמעס פאר די העק בא אים פארמאשקנט און פארטרויט, —
קאוואלערן פון בעסאלמענד׳קע ציילעמס און פון טל׳עס,
קאוואלערן פונעם אָרדען, וואָס ס׳באערט מיט אים דער טויט!

ס׳טראָגט זיי רויבערישער פיבער מיט געהיק און מיט געדרוישן,
איבער שטעט און איבער וועגן טראָגט דער גיר זיי און די שווערד.
זיבן יאָר מיט גרינע גיפטן, זיבן יאָר מיט ברוינעם כווישעכ
האָט דער בלוט-גאָלדענער אָפּגאָט זיי געכאָוועט און גענערט.
אופגעקליבן זיי פון רינשטאָקס און מיט זיי א בונד פארשניטן
און פון גזיילע זיי געגעבן צו באוונדערן דעם טאם:
— ס׳איז געשמאק? — געלאכט דער אָפּגאָט האָט צו רינשטאָקדיקע ריטער,
מאכ זיכ גרייט אינ וועג, גערמאניע! גאָר ניט זײַן וועט דיר קיין צאם!
ער האָט זיכ צו איר באוויזן: — דו פארקויפסט מיר דײַן נעשאָמע,
כ׳שמעלצ דיכ איבער און פארוואנדל נ׳א געפאנצערטער מאשינ —
און פאר דיר קיין שטער און אָפּהאלט איז אינערגעצ שוינ נישטאָ מער,
ס׳עפנט אופ זיכ יעדער וועג דיר: — גיי, פארדארב, און מאָרד, און שינד!
פון געפילן שליס איכ אויס דיכ, דאָס געוויסנ דיר פארטויב איכ.
איכ פארכאסמע דאָס געהער דיר. כ׳טו דאָס ל׳יכט אָפּ פון דײַנ בליק,
און דיר אָפּקאָוועם די טריט וועל איכ מיט שלענגלדיקע רויפנ.
אָט אזוי וועסטו באפאלנ! אָט אזוי פאנג אָנ די קריג!

אינגעווייד פון בערג און שאכטעס, שטעט מיט גאָלד און פי מיט פיטער
און פון פײַער א געוויטער — טאָג און נאכט — וועג אײַנ, וועג אויס;
לאָז זיכ אומעטום איצט ווויל גיינ! דיר — טראָפּייענ, מ׳ר — פּראָפּיטנ —
ברויט און ארצ און נאפט און קוילנ. איכ באפעל, און דו פילסט אויס!
ס׳קאָנ דער בלוט-גאָלדענער אָפּגאָט זיכ פארשאפנ א מעדינע
און זיכ אָפּקויפנ אנ אייגענעמ, א רויבערישנ רײַכ,
אז עס זאָל א פאָלק א הענקער אים געטרײַ און הייליק דינענ,

די באפעלן, ווי א גוילעם, זײַנע אויספּילן אים גלײַך.
אופגעזאמלט שלאק און אָפּפאל — וואָס פארדאָרבענער, וואָס מער דאָרט,
זיי א צונאָמען געגעבן מיט פאראדן ווי ס׳געהער —
און בא שײַטערס זיי געזאלבט דאָרט פאר אן אויבער-פאָלק — א מערדער
און באוויזן זיי די קרוינשטול די געגארטע פון דער ערד.
איז אפ רויב זיך אופגעהויבן און געלאָזט זיך אפ האריגע,
אײַנגעהילט אין שטאָל און אײַזן — אי דעם פאכעד, אי — די פעל;
מע באלאגערט שטעט און דערפער מיט געהויל און מיט געהיקע:
— הײַל דעם היישעריק אין קאסקעס! הײַל די שלענג אין גאליפע!

ס׳דריטע רײַך — אפ א שפאצירגאנג דורך בעסאלמענדיקע מײַלן,
ס׳דריטע רײַך — אפ א פארווײַלונג איבער כוועס פראנק און פרײַ!
אפ די קעפ די פלאכע קאסקעס, און געזיכטן — הוילע מײַלער,
אָנגעבלוטיקטע מיט כווישעך און מיט אייוועך-מין-האכײַ.
גאנצע דערפער אין די רויב-זעק, געגנדן און קאטשקעס אינעם בוזעם,
פריידיקס פעטע פון כאזיירים אפ די אקסל, פונקט ווי שווערד,
און א יונגע פארטיזאנקע פון די וועלדער — אָן באוווסטזײַן
פאר די האָר דאָרט צוגעבונדן צו א ווײדל פון א פערד.
אויסשטודירט געטרײַ און פלײַסיק — אי געמאָסטן, אי געוויגן —
ביז צו פינקטלעכקײַט פון מײַסטערס האָט מיט זיי אליין דער טויט
ווי צו אופהאקן א שארבן, ווי צו אויסשטעכן די אויגן,
ווי צו אויסברענען א שטערן אפ דער לעבעדיקער הויט,
און אים אָפּשטעמפּלען מיט טריוואקס און באצייכנען: — מעיד אין דזשערמען,
און די דאטע, און א פּאָטאָ, נ׳א סאכאקלדיקן שטרײַך —
וויפל האָט מען שוין דערשלונגען — ס׳גייט א ביסל לאנג און שווער נאָר, —
— הײַל דער אָרדענונג פון הענקער! הײַל דעם קאט — דעם דריטן רײַך!

אש פון שטעט און בראָך פון דערפער — גייט מען איבער ערד דערשטיקטער,
נאָר עס לייגט פון זיי קיין שאָטן זיך אינערגעץ ניט אוועק:
— איז דאָס עפּעס ניט קיין סימען? — ט׳שרעקט זיך יעדערער א בליק טאָן,
און אין בלוטיקער הוליאשטשע דערטרינקען זיי די שרעק.

א וואָראָזשקע זאָל פון ערגעץ אונטערוועגס צו זיי א גיי טאָן,
וואָלטן זיי מיט גאָלד באקליידט זי און געשענקט איר א פארמעג, —
אז עס זאָל די מעכאשייפע די געהיימניש זיי באשיידן,
ווו די שאָטנס זײַנען זייערע פארשווונדן אונטערוועג.
— א וואָראָזשקע אפ באשיידן די געהיימענישן — ביטע!
אפ די וועגן — אומעטום — פון טויזנט-יאָריקן פארזיי —
שטייען גאָלד-געקרוינטע דעמבעס ווי די אלטע וואָראָזשביטן.
— צוימט די פערד! אראָפ די פאנצערס! פרעגט פאנאנדער זיך בא זיי!
זיי דעם טרויעריקן סימען וועלן פינקטלעך אײַך דערציילן —
קאָרטן גאָלדענע פון בלעטער אײַך צעלייגן אפ דער ערד,
קאוואלערן פון די רויב-זעק און בעסאלמענדיקע ציילעמס,
קאוואלערן פונעם אָרדען, וואָס דער טויט מיט אים באערט!

רוישן דעמבעס אין די הייכן — איבערצײַטיקע און טריבע,
אפ דעם דורכפלוס פון די ווינטן קוים זיי גיבן זיך א ריר:
— ווער ס'האקט אויס פון גיך א פרוכט-בוים, פרעסט זיך איינמאָל
מיט אים איבער,
און ער פאלט אליין אנידער — אונטערבראָכן פון זײַן גיך!
רויק שפרייטן זיך די קרוינען קעגן ווינט און קעגן האָגל,
זאפטן ברויזן אין די שטאמען פון די טיפן ביז ארוף:
— ס'שלעפט די שפין אפ פײַן איר קאָרבן, ווײַל פון שרעק איז זי
געשלאָגן,
ווײַל קיין וואָרצלען האָט איר שפינוועבס און זי האלט זיך אפ דער לופט.
פון די קעלטן ניט געפאנצערט, פון קיין זון-שלאָג ניט פארטײַעט,
אויסגעשטרעקט זײַנען די צווײַגן, ווי באוואקסן-גרינע הענט:
— ווער עס ווייסט קיין אונטערשייד ניט צווישן גאָלד און צווישן פײַער,
גייט זיך אויסצירן אין צירונג און ער ווערט אין דעם פארברענט!
מיט פארטײַעטן געמורמל יעדער בלאט איז אָנגעצויגן
און ווי קאָרטן יעדער ווײַל גיט זיך אן אנדערע א לייג:
— דעם באהערשטן פון שיגאָען קערן איבער זיך די אויגן,
און ער זעט ניט — ניט זײַן שאָטן, און ער זעט ניט זיך אליין!

פעלדער בליִען פונדאָסנײַ שוין. ס'זײַנען גערטנער ווידער גרין שוין,
נאָך דעם בלי, ווי אײַער שאָטן, זען איז מער אײַך ניט באשערט...
ס'שטייט אײַך פאָר א ווײַטע רײַזע פונדאָסנײַ צוריק אין רינשטאָק,

אָן די קאסקעס, אָן די פּאנצערס, ווי געשפּענסטער פון די נעכט!
איינגעבויגענע אינדרייען — פון טראנשייען צו טראנשייען,
אין די קייוועדיקע בוזעמס — א נעווילעדיקער ביין, —
און פּארוויקלטע אין טראָלדן — איבער זומפּן, איבער שנייען,
אויסגעבעטע מיט פּעגאָרים, וועט איר גיין און גיין און גיין...
ס'וועלן פעלד און טאָל זיך ברעכן פון געבערג אייערע שארבנס,
און די זומפּן וועלן אויסשפּייען צוריק אייער געביין.
גוט די ערד איז צו א פרייִנט נאָר, צו א פּייַנט — זי גרויזאם הארב איז.
איבער איר צעגליטן צאָרן וועט איר גיין און גיין און גיין
פון דער רינשטאָקדיקער קרוינשטול ביזן קרוינשטולדיקן רינשטאָק
דעם צוריקוועגס — אונטער שטורעם, אונטער בייטשן אף די קני!
נאָר אין אש זייַנען די וועגן און מיט בלוט אדורכגעמישט דאָרט,
איר וועט גיין און גיין און גיין און ניט דערגיין שוין אויך אהין!

א פארלאָזטע און א וויכטע, ווי אן אָפּגעבערענטער דאָרן, —
אן אלמאָנע — אייער היימלאנד — וועט פון אש ניט אופשטיין מער;
און די נאכט וועט זי פארשעלטן, ווען פארקניפּט איר זייט געוואָרן,
און פארשעלטן זי דעם טאָג וועט, וואָס געבראכט האָט אייך דער ערד, —
זי — אין איינזאמקייט פארבראָכן, זי — די מאמע פון די מערדער,
וואָס באגלייט און האָט געבענטשט אייך מיט דער פינצטערניש פון נאכט, —
זי פארשעלטן וועט דאָס ברויט, וואָס האָט אף אומגליק ווען גענערט אייך,
זי פארשעלטן וועט דאָס ליכט, וואָס האָט די אויגן אייך צעשפּארט.
אומגעוואלגערט און צעפּרעסן און פארהריזנעדיק אין טונקל,
וואָס פארציט זיך איבער קוואָרים, וואָס גייט קיינמאָל ניט פארביי,
וועט זי פוילן אף די כורוועס, אין צעראאס איינגעטונקען,
און צעקראצן מיט די שארבנס זיך מיט אייערע דאָס לייב!
ס'וועלן שאָטנס בלויז פון מזרעכ קומען טרייסטן זי, ווי ראָבן,
און זי דאָרט, ווי א מעצוירערן, פארצוימען מיט א פלויט;
אויב איר וויינען וועט זיך וועלן, איז קיין טרער וועט זי ניט האָבן,
אויב דעם טויט וועט זי פארלאנגען, איז ניט קומען וועט דער טויט!

נעמט דעם גאָלעס אף זיך, פייגל, און געזעגנט זיך מיט נעסטן,
נעמט פאר ליב דעם קלינג פון שווערדן, נאָכן רוף פון גוירל — פּאָלגט!

אין געשלעגן און אין גווורע אף דעם שלאכטפעלד זיך פארמעסטן
קעגן הענקער און פארדארבער איז ארויסגעגאנגען דאָס פאָלק.
שארפער איז פון שווערד זײַן עמעס, פון די שטערן איז ער העכער,
שטארקער פון די בע״ג זײַן גײַסט איז און איז פרײַער פונעם יאם.
דער געוויטער וועט אים וויגן, נאָר ער וועט אים ניט צעברעכן
און אין שטורעם און אין פײַער זיך ניט וואקלען וועט זײַן שטאם.
אף בארישנדיקע ווונדער האָט זײַן פרײַהײַט זיך צעהעלט דאָ,
אין דער שווערד לויכט איצט זײַן עמעס, ס'איז זײַן גײַסט — געשליפן, ריין,
טראָגט זשע, פייגל, אײַער ליד אים, ס'ווארטן זין און טעכטער — העלדן,
ווי אף בריוו פון די געליבטע, ווי אף ווײַטן גרוס פון דר'היים;
זאָל זי הייס איצט ווי א טרער זײַן, ווי פרימאָרגעדיקער טוי ריין,
און ווי שפיגלדיקער כאלעפּ שארף זאָל זײַן איר יעדער קלאנג,
אז אין שלאכט זאָל זי די ווערט זײַן צו באזינגען די גיבוירים,
וואָס די וויכערדיקע קעפּ זיי גייען אָפּגעבן דעם לאנד!





## לענינגראד

פאר בליק פונ צײַט ווי א גראווירטער בוכ צעעפנט,
שטייסטו א גרויזאמער אינ אופבליצ פונ געדאנק —
ווי ס'איז בא דײַנ געבורט געשטאנענ דײַנ באשעפער
פארזונקענ אינ מאכשאָוועס גרויסע אונ אינ דראנג.

דו שטייסט באפעלעריש באמ יאמ צוקאָפּנס,
אונ מיט געשלײַפטע העלדזער פונ געווער קוקסטו אינ ווײַט זיכ אײַנ,
אז דורכ דעמ אופגעשפּארטנ פענצטער אינ אייראָפּע
ניט אופהערנ צו שטראָמענ זאָל פונ מיזרעכ ליכט אונ שײַנ.

אונ שטאָלצ אונ קראפט, ווי רעגנבויגנס בונטע,
מיט פרידנ אונ גערעכטיקײַט געפאנצערט אונ באוואכט,
וואָס טראָגנ אינ דער וועלט זיכ שוינ א פערטל פונ יאָרהונדערט,
ווי ס'טראָגנ זיכ אינ יאמ די כוואליעס פונ ניעווא!

דו שטייסט א גרויזאמער, א שטאלטנער אונ א גראדער.
געפאר פארווארפט אפ דיר איצט ווי א שלייפ זיכ רונד ארומ;
נאָר דו געפאנצערט ביסט מיט אייגענע באגינענס, לענינגראדער,
אונ מיט געוואג אונ שטאָלצ פונ אומשטערבלעכנ רומ.

א יעדער שטיק גראניט וועט פונעמ גרונטפעסט זיכ א ריס טאָנ,
א יעדער טאָרצ זיכ אופהייבנ פאר באריקאדנ וועט אלײנ —
עס זײַנענ צו דער טליִע דורכגעגאנ דורכ זיי די דעקאבריסטנ,
אונ מיט נעדאָרימ האָט זיי יעדער אינדערשטיל באגלייט.

איצט גיבנ בא דײַנ שוועל זייערע אָפּשטאמענ א וועט זיכ,
אונ מײַסטערס צו דער ביקס זיכ שטעלנ גרויזאמ אפ דער וואכ —

ניט פאר דער קייט פון קאט זיך האָבן דײַנע שטאלטנע פלעצער
מיט בלוט פון פאָלק פארפלייצט אין נײַנטן טאָג יאנוואר.

ס׳וועט קיינער ניט דעם קופערנעם דעם שטאָלצן רײַטער
ארונטערוואַרפן פון זײַן אופגעוויכערט פערד —
זײַן רום און קראפט איז אין יאָרהונדערטן געלײַטערט,
קיין ראָסט האָט ניט געלייגט זיך אף זײַן שטאָלצער שווערד.

עס וועט דעם אופגעשפארטן פענצטער קיינער ניט פארגראטעווען,
ניט דורכרײַסן וועט קיינמאָל זיך דורך אים די נאכט צוריק;
באוואכט דו ביסט מיט שטערן אייגענע מיט לענינגראדער, —
די בכוירע און דער שטאָלץ פון בירגערלעכן קריג!

דער יאם זיך שטרעקט צו דיר מיט זײַנע אומענדלעכע מאָסן
און ענטפערט פײַערלעך דיר איבער פאר דעם פײַנט זײַן טיף;
פונסנײַ דערקלערן דיך אין שלאכט די באלטישע מאטראָסן
מיט ליענטעס קוילן אף דער ברוסט, ווי ברענענדיקער שריפט!

עס פאָכען איבער דיר זיך דײַנע אייגענע קאיאָרן,
זיי פלאטערן אציִנד ווי פאָנען בייס א שוועע אפן פעלד;
אף דוירעסלאנג געמאָלדן האָבן זאלפן פון „אוראָרע",
אז ניט פארשמוצט פון פײַנט וועט זײַן פון לענינס שטאָט די שוועל!

פארטונקלט בא די נעכט איז איצט דײַן ווײַטער בליק,
נאָר שטערן, וויגנדיק זיך איבער דיר, ווי שטענדיק ברענען;
דו שטייסט א גרויזאמער באם ראנד ווי דער געשטאָלטער בראָנעוויק,
פון וועלכן זיך אנטפלעקט עס האָט פאר דיר וולאדימיר לענין!

עס האָט א ווײַסער גענעראל א שלייף צו דיר געצויגן.
געזען האָט ער פון ווײַט דיך אין בינאָקל בלויז;
און אויסגעשטאָכן האָט די זעונג זײַנע אויגן,
דער קייווער האָט זיי אים פארשלאָסן אין זײַן שווארצן שויס.

איצט רײַסט פון ברוינער פעל צו דיר זיך א פעלדפעבעל,
מיט קייטן קלינגט ער ווי מיט גלעקער אין געשלעג;
ער וועט דיך אויך דורך א בינאָקל זען אין נעבל,
און דאָס וועט זײַן די לעצטע זעונג אף זײַן וועג!

★★★

# קיִעוו

דו שטייסט — אַן אוראַלטער מעכאַשעפֿ אין דער הייך,
מיט שווערד געשליפֿעטער פֿון דניעפּער באַ דײַן גאַרטל;
דײַן רופֿ דײַן שלאַכטיקער אַפֿ שטרעקעס ווײַט דערגרייכט.
אַפֿ אים פֿאַרזאַמלען דײַנע זין זיך די געגאַרטע!

ס'שטייט אַ גערענגל איצט אַ גרויזאַמער דיר פֿאַר.
דער פֿײַנט וויל מיט דײַן ערד דיך מיט דײַן הייליקער צעשיידן;
ניט פֿון די ביימער טראָגט זיך אום פֿאַר דיר אַ ווינטיקער געפּאָך —
דאָס נעמען דײַנע זין אַרויס די שווערדן פֿון די שיידן!

צו גרויען קאָפּ דײַנעם די זון גיט זיך אַ צי,
דאָס גאָלד פֿון האַרבסט זיך לייגט אַפֿ דײַנע אַקסל;
און דרײַ מאָל שיין און דרײַ מאָל שטאָלץ ביסטו אַצינד,
מיט טרויער האַרבסטיקן מיט גאָלדענעם באַוואַקסן!

די ברענענדיקע דערפֿער וואַרגן זיך מיט רויך,
נאָר מיט נעקאָמע און מיט צאָרן פֿעלדער דײַנע יוירן;
עס רײַסן זיך די קופּאָלן פֿון קלויסטערס אין דער הויך,
זיי זעען איצט ווי העלמען אויס פֿון אוראַלטע גיבוירים.

אַ ניידער — איבער דיר! אַ יעדער שטיין זיך שווערט
באַ דײַן געשטאָלטן ראַנד, פֿאַרשטעלטן אין אַ לאַגער:
ס'וועט מיט דעם נאָמען קיינמאָל ניט דערמאָנט ווערן די שווערד,
וואָס וועט באַטרעטן לאָזן זיך פֿון בלוטיקע וואַריאַגן!

באַ ליכט פֿון שטערן, איבער פֿעסטונגען פֿון ראַנד
באַטרינקען פֿאַרן שלאַכט מיט דעם קאָבזאַר זיך דײַנע זין איצט;
און שווערן באַ דעם גרעסטן זינגער פֿונעם לאַנד,
אַז קיינער וועט ניט אײַנבייגן דעם קאָפּ פֿון אוקראַינע!

עס ליגט אַ טייל פֿון לײַב דײַנעם פֿאַרשוועכט,
מיט נעגל רײַסט דער פֿײַנט דײַנע פֿאַרזייטע סטעפּעס;
אַ קרייצונג שטייט אים פֿאָר! אַ קרייצונג מיט דער שווערד
אין די פֿאַרשלינגענדיקע טיפֿן פֿונעם דניעפּער!

ביסט צו ניסאָיען גרייט. די ערד זיך וועקט פֿון קנאַל.
דער צאָרן פֿונעם פֿאָלק באַ דײַנע שוועלן ברענט שוין:

פונוויַיטן ווענדט דעם בליק צו דיר דער ארסענאל,
זאָלסט אים אַפ שלאַכטן גרויזאַמע אַפ אומשטערבלעכע בענטשן!

פארטײַעט ליגט אינ הארבסט דײַנ טרויעריקע פראכט.
די שטערנ מעלדנ עפּעס איינס דעמ אנדערנ מיט ווונקענ.
דער, וואָס האָט טרערנ אינ געזאנג דײַנעמ געבראכט,
וועט זיכ אינ בלוט אינ אייגענעמ דערטרינקענ!

דורכ טויערנ צעבראָכענע, דורכ ברענענדיקער טיר,
מיט ווינטנ פונעמ דניעפּער, גרויזאַמע אונ צארטע,
קומענ קאָבזארנ בלינדע אויסשפּילנ אַפ דיר
די ליד די רומפולע פונ זאפּאָראָזשיער שלאכטנ.

א יעדעס בערגעלע מיט פינגער צערטלענ וועלנ זיי
אונ איבערציִענ יעדער גאס מיט שטראלנ פונ באגינענ,
א שפּיל געבנ: — די, וואָס מיט בלײַ האָבנ געטראָטנ דײַנ פּארזיי,
וועלנ א קיִיווער בא דער שוועל דײַנער געפינענ!

צו גרויענ קאָפּ דײַנעמ די צוקונפט לייגט זיכ צו,
דאָס גאָלד פונ הארבסט זיכ לייגט אַפ דײַנע שולטער;
אונ דרײַ מאָל שטאָלצ אונ דרײַ מאָל שיינ אצינד ביסטו,
ווענ גייסט אינ שלאכט ארויס מיט מוט אנ איבערפולטער!



## אָדעס

דער הארבסט פלעגט זיבנ לאָקנ גאָלדענע דיר איינ
אונ גיסט דיר זאפטנ אָנ מיט קישעפ אינ די לענדנ, —
דײַנ איינס-אַפ-איינס דײַנ שטאָלצער מיט דעמ פײַנט
וועדט פאָרגעזעצט — באגײַסטערנד אונ בלענדיק!

דאָס איז אומשטערבלעכקײַט. איר פײַערלעכע שוועל
טרעט זי, באלאגערטע, אריבער מונטער אונ געלײַטערט!
קאנאָנענ גרויזאמע דיקטירנ דעמ באפעל
אונ קריצנ אײַנ אימ אינ דער טיפ פונ אלע צײַטנ.

דײַנ בויגנ — שטײַפ. די פײַלנ — שארפ.
דער פײַנט א שלייפ אַפ דיר א שטאָלענעמ פארווארפט דאָרטנ;
אונ ס'שווימט א זעגל-שיפ צומ האפנ ווי א הארפ,
זאָלסט אַפ איר אויסשפּילנ דײַנ באָבעלע געוואגטקײַט

דו ווּעסט באַווײַזנ אַלצ: — צו שלאַכט אונ צו געזאַנג
דעמ פֿאָלגעוודיקנ ווינט אינ אויסשפּיר אויסצוריכטנ;
אינ יאַרוסנ האָט זיכ דײַנ ברעג פֿאַנאַנדערוואָרפֿנ בלאַנק,
פֿונ אויבנ — אַ קאַנאָנ אונ נעבנ אימ — דער דיכטער.

זײ שטייענ איינס לעמ אַנדערנ באַמ יאַמ,
אינ ווײַט געווענדט, פֿאַר שטורעמ-ווינטנ — אָפֿנ;
עס צינדט דאָס וואָרט די הערצער מיט אַ פֿלאַמ
אונ טראָגט ווי אַ נעוווע זיכ פֿונ דאָרעמ ביז דעמ צאָפֿנ:

— ס'וועט רוסלאַנד הערשנ איבער יאַמענ פֿרײַ,
אונ קיינער וועט זײַנ סקיפֿנ-קויעכ ניט פֿאַרשקלאַפֿנ.
אָדעס! צו שיפֿנ וואָגלענדע זיכ שטרעקנ וועט געטרײַ
מיט פֿײַערנ פֿונ טרייסט דײַנ מוטערלעכער האַפֿנ!

אינ טיפֿ פֿונ יאַמ דערטרונקענ ליגט דײַנ אָל,
די וועגנ צריק זײַנע פֿאַרשטעמפּלט פֿאַר זײַנ אָנקומ.
אינ קאַראַול — פֿונ אופֿשטאַנדנ דער שטערנ-אָרעאָל,
אונ אָפֿנ רעיד — ס'געשפּענסט פֿונ פֿאַנצער-שיפֿ „פּאָטיאָמקינ".

אַ זיג-קראַנצ יעטווידער פֿונ זײ דיר אָנטאָנ דאַרפֿ,
נאָר לאָרבנ ווילנ אָפֿ דער זונ זיכ נאָכ אַ באַק טאָנ;
אָדעס! די זיבנ לאָקנ דײַנע גאָלדענע צעוואַרפֿ,
דערצייל דעמ פֿײַנט וועגנ דײַנ נאָבעלער געוואַגטקײַט!

דערצייל וועגנ דעמ דנאָ פֿונ שוואַרצנ יאַמ,
ווו ס'איז די ווײַסע פֿעסט געבויט געוועזנ אַראָפּגיינ;
זי וועט געוויס אַ רוק טאָנ זיכ אונ מאַכנ גראַמ
פֿאַר געסט אַזעלכע כאָשעווע אינ אָפּגרונט!

דערצייל געטרײַ, מיט קוילנ אונ מיט שטאָל.
דערצייל דורכ הייסע גאָרגלענ פֿונ האַרמאַטנ,
ווי ס'האָבנ זי געיאָגט צומ דנאָ פֿונ באַרג אונ טאָל
מאַטראָסקעס יאַמ-בלויע אונ יאַמ-בלויע בושלאַטנ.

דערצייל מיט פֿלאַמ, מיט פֿײַער אונ מיט בלײַ.
די היצ לאָזט פֿונ קיינ בלעטל ניט אַראָפּ קיינ שאָטנ!
פֿאַרטיידיקנ דײַנ רוימ אונ רומ, אַנטבלויזט דאָס לײַב
ווי אָפֿנ פּליאַזש, זײַנענ אַרויסגאַנ דײַנע שטאָט-לײַט

מיט טרוקן ברויט און וואסער און מוזיק.
דאָס לעבן אָפּגעבן פאר דיר וועט זיי ניט ווי טאָן;
נאָר צריקוועגס וועלן זיי דיר ברענגען זיג,
ווי א געליבטער ברענגט מען צום געבורטסטאָג קוויטן.

זיי וועלן אומקערן זיך צריק צו דיר, אנטבלויזט,
ווי ס׳קערן ביינער אום אין בינשטאָק זיך מיט האָניק,
דורך דיינע הונדערט פּופּיק ווייסע טרעפּ
וועלן זיי אופטראָגן דיין שטאָלץ אין רויטע פאָנען,

אין טרויער האָבן גערטנער אויסגעהיט די פּראכט,
פון יאם געטראָגן האָבן ווינטלעך זיי דעם אָטעם;
דו זעסט? ווי אף א ראוט גייט מיט מונטערקייט אין שלאכט
דיין אומבאזיגבארע שווארציאמיקע פּעכאָטע!

עס קוקט בולוואר זיך איבער מיט בולוואר,
עפּעס מיט פייער מאכט דאָרט וויסט א שפּארבער;
נאָר ס׳קערט זיך אום פון שלאכט א זון דיינער — א גוואר
מיט צוויי און צוואנציק קעפּ פון די פּארדארבער.

עס בליען דיינע לאָקן דיינע גאָלדענע אין בלענד,
מיט זאפט באטרינקט דער הארבסט זיי שטיל פאר זיגן.
ניט צורירן צו זיי וועלן זיך קיינמאָל פרעמדע הענט,
און קיינמאָל וועט קיין פרעמדער שויס דיך ניט פארוויגן!





# א טאָכטער פונ פאָלק

## 1

אינ יענער נאכט האָט זיכ ניט צוגערירט קיינ דרעמל
צו אירע אומעטיקע אויגנ ביז באגינ;
נאָר אופגעהויבנ האָבנ העכער זיכ די ברעמענ,
איר בליק זאָל פרייער דורכדרינגענ אהינ,
ווו ס'האָט געלייגט זיכ ווי אפ וואָגשאָלנ דער גורל
אי פונ איר היים, אי פונ איר שטאָט, אי פונ איר לאנד,
וואָס האָט צו בליונג יעדעס גרעזעלע באשווירנ
אונ יעדעס זעמדעלע באשווירנ צו פארשטאנד.

איבער איר יונגנ אכצניאָרעדיקנ שטערנ
איז ווי אפ ערשטנ שניי אדורכגעגאנ דער צאר
מיט הוילער שארפ פונ רופנדיקע שטערנ
אונ אימ באצייכנט — ציטערדיק אונ צארט,
אז ס'זאָל אדורכלויכטנ דורכ צייטנ אונ דורכ דעמער
דער יונגער מוט דער שטאָלצער פונ א דאָר;
אינ יענער נאכט האָט זיכ ניט צוגעוירט קיינ דרעמל
צו אירע אומעטיקע אויגנ — ביז קאיאָר.

— אוועקגיינ גיכער, הי דאָס לאנד באגיסט מיט בלוט זיכ,
באנזאנד מיט די, וואָס זיינענ דאָרטנ, אינ איר אָרט:
— ווער איז מעכויעוו פאר איר גיינ אונ זי באשיצנ?
אונ שטארבנ ווער איז עס מעכויעוו פאר איר דאָרט,
אז ס'זאָל אפ איר דער שליים פונ שאנד ניט זיינ פארצויגנ
אונ זי זאָל קאָנענ זיכ פארפאנצערנ ביז גאָר?
ניט צו פארשטעלנ איר ס'געפאר — איבער די אויגנ
זיינענ קאשטאנעווע געפאלנ אירע האָר.

21—3

דער פײַנט ז׳געשטאנענ בא די טויערנ פונ מאָסקווע,
געריסנ האָט ער מיט די נעגל שוינ די שוועל,
אפ זיכ די פלעצער פונדערווײַטנ שוינ געמאָסטנ.
די צײַט געגאנ איז פיבערדיק אונ שנעל;
געקוקט אינ ד׳רהייכ האָבנ די מויערנ געטאָקטע,
איינס צו דעמ אנדערנ זיכ צוגעטוליעט נאָנט.
זעניטקעס האָבנ אפנ הימל ווי נ׳א טאָג-בוכ
פארקריצט די נאכטישע יעדיעס פונעמ פראָנט.

זיכ א פארקעמ ארופ מיט פינגער מיט די דינע
האָט זי די אופגעוויכערט-יינגלשע פריזור.
געגרייט אינ וועג ארײַנ זי האָט זיכ צו באגינענ,
נאָר אלע ווײַלע עפעס גיט זי נאָכ א זוכ:
די ערשטע צארטקײַט פונ איר הארצ וועט זײַנ דעמ היימלאנד,
אונ דעמ נאגאנ — די ערשטע ווארעמ פונ איר ברוסט;
איר ערשטע ליבע איז געוואקסנ — א געהיימע,
עס קאָנ דער טויט איר אויכ זײַנ א גענוס.

— ווי פירט מענ אונטער א סאכאקל אָנ א טאָעס
צו אכצנ יאָר, נאָכ ניט צעשטעמפלטע פאר פײַנ?
נאָר איצט איז צײַט! קיינ אויסוואל דאָ ניטאָ איז!
איז ניט געזאמט אונ ניט געציילט — אזוי זאָל זײַנ!
עס האָט דער טרויער זיכ געלייגט אפ איר פונ רײַפנ,
ער איז אראָפ אפ איר, דער טרויער, אומדערווארט —
זי וועט עס עפשער מיטנ סייכל ניט באגרײַפנ,
נאָר ניט פארפירנ וועט צינערגעצ זי דאָס הארצ.

פאנאנדערבלעטערט א באגינ האָט זיכ א שטילער,
אינ נעפל הארבסטיקנ געדעמפט האָט זיכ די ערד;
ניט מיט געטומל ערגעצ דורכגאנ זײַנענ שילער,
אינ ואלד געהיימ איז מענ געגאנגענ מיט געווער...
זי וואָלט אנ אָנדענק זיכ פונ שול איינ וועג געגומענ, —
ווער ווייסט צי זײַנ אמאָל זי וועט נאָכ דאָרט א גאסט?..
נאָר ס׳קוקט א כאָרעווע די שול מיט פענצטער קרומע
פונ א געצילטנ דײַטשישנ פוגאס.

אינ שויב געוווּנקענ האָבנ ביימער פונ בולווארנ,
ווי צו איר הארצ זיי וואָלטנ צוגעגאנ אליינ —

געווענ איז ענלעכ זייער אומרו צו געפארנ,
אונ זייער רוישנ — ענלעכ צו געוויינ.
— וואָס וועט איר זאָגנ, ביימער, אינ באגינענ?
עס פליענ פייגל זיכ פאנאנדער אינ דער ווייַט
ניט אינ די לענדער אינ די ווארעמע אונ גרינע
אונ ניט אפ לאנג. מע וועט זיכ אומקערנ באצייַט.

זי האָט געציילט אונ מיט די אויגנ זיכ געקלאמערט
אינ יעדער זאכ פונ צימער אירנ — גלאט;
פונ קעגניבער האָט געקוקט אפ איר די מאמע,
אונ פונ איר טאָגבוכ האָט געבלאנקט צו איר א בלאט;
צולעצט האָט זי דאָרט עפעס נאָכ פארשריבנ, —
א יעדער וואָרט ווי א צאוואָע דורכגעטראכט,
זי האָט פארענדיקט: — שטארב! נאָר ניט קיינ קוש אָנ ליבע...
אונ נאָכ א בלעטער אונ — אפ שטענדיק אימ פארמאכט...

2

דער ערשטער שניי אינ פעלד איז שוינ געלעגנ,
צו טייַכנ צוגעריירט האָט שטיל זיכ שוינ דער פראָסט,
נאָר מיטנ וואלד האָבנ זיכ פייגל ניט געזעגנט,
קיינ נעסט אינ טרויער ניט פארלאָזט.
באנאנד מיט ווינטנ אונ מיט שנייענ בלאנקע
באדארפט זיי האָבנ אויסזינגענ ארומ
דעמ וועג דעמ שטאָלצנ פונ א מאָסקווער פארטיזאנקע,
דעמ וועג פונ פייַנ, פונ ליידנ אונ פונ רומ.

אפ ביימער איינזאמע ט'די קעלט זיכ שוינ פארמאָכטנ,
ווי אפ פארבלאָנדזשעטע געפאנגענע אינ וועי,
נאָר בלעטער אָפרייַסנ זיי האָבנ ניט געלאָזט זיכ,
פאר יעדער בלאט — געמאָלדנ א געשלעג.
מיט ערשטנ שניי מיט זויבערנ באהאנגענ
אינמיטנ וועג פאנאנדערשטעלטע — וואכ
וועלנ זיי אויסרוישנ דער מאָסקווער פארטיזאנקע
אויב — ווי, אויב ערגעצ — א געפאר.

נאָר ניט געפאר ליגט טאניענ איצט אינ זינענ,
אונ ניט קיינ שרעק פארשאפט איר איצטער וויי —
עס דריקט דאָס הארצ איר, עס באומרויִקט דאָרט זי נאָר:
ווי זאָל זי געבנ עס דער מאמענ צו פארשטיינ,

ווי זאָל זי פֿראָסט דער מאַמען עס פֿאַרטײַטשן,
אַז ס'זאָל איר קלאָר ווערן אײַנגאַנצן מיטאַמאָל.
הינטער סאָקאָלניקי זי פֿלעג אין אָט דער צײַט שוין
מיט אירע כאַווערטעס פֿון טרײַען קאָמסאָמאָל

אַף ערשטן שניי אוועקלאָזן צוגעסט זיך
און ווי א ווינט אַדורכפֿליִען דעם וואַלד,
אַן אויפֿגעווירבלטע דורך קלאַנגען פֿון אָרקעסטער,
וואָס האָט מיט פֿייַד מיט אַזאַ פֿראָסטיקער געקנאַלט.
מיט ליכטן באַגאָסענע געבלאַנקט האָבן די שנייען,
מיט שמערן בלענדיקע געפֿינקלט האָט די נאַכט,
געטראָגן האָבן קאַראַהאָדן זיך אין רייען,
נאָר ניט געלייגט האָט זיך די מאַמע און געוואַרט,

איר א גלאָז טיי אונטער א קישעלע געוואַרעמט
און צאַרט אַראָפּגעווישט דעם שניי פֿון אירע האָר.
זי וואָלט זי צוגעדריקט צו זיך און זי געאָרעמט
פֿאַר אַכצן גליקלעכע און זאָרגלאָזיקע יאָר,
פֿאַר זעלטן-ליכטיקן און אויסגעבעטן שניי דאָ,
נאָר טרוימען גאָלדענע, צעוואַקסענע א סאַך.
נאָר איצט די צײַט איז מיט דער מאַמען זיך צעשיידן,
ווי מיט א מעסער זיך אַדורכגיין דורך איר האַרץ...

דער סונע רײַסט א שטיק פֿון לאַנד שוין מיט די נעגל,
שוין איבער מאָסקווע זײַנען אויפֿגעהויבן העק;
איצטער אין וואַלד זי נאָך איר גורל וועט אוועקגיין,
צום לעצטן מאָל האָט זי די מוטער איצט געוועקט:
— ס'איז שווער צו קוקן, ווי קיין מאָסקווע, מאַמע,
רײַסט זיך דער קאַט זי מאַכן טיל און טעל,
און זיך דעם וועג ניט פֿרווון אים פֿאַרצאַמען,
זיך מיטן לײַב ניט לייגן באַ דער שוועל...

און ניט געוואַרט, ס'זאָל די מוטער עפּעס פֿרעגן:
— אָט דאָס איז אַלץ. און גאָרניט, מאַמע, מער!
וועסטו מיט טרויער דען פֿאַרשטערן מײַן אוועקגיין?
וועסטו מיך אָפּהאַלטן דען פֿרווון מיט א טרער?
ווילסטו מיך זען דען אין די נעגל פֿון די מערדער?
ווילסטו מיך זען דען א פֿאַרפּײַניקטע אין יאָך?

אונ אויב אינגאנצנ ז'ניט באשערט זיכ זענ אונדז מער דאָ,
וועט מיר געניג זייַנ, מאמע, מייַנ אַלצנ יאָר!

געקוקט דורכ טרערנ האָט די מוטער ווי דורכ נעבל,
אונ דאָרשטיק-הייס געטרונקענ טאניע האָט דעם בליק:
— ניטאָ איז, מאמע, אָנ א פאָטערלאנד קיינ לעבנ,
ניטאָ אָנ שלאכטנ פאר דעם לעבנ איז קיינ גליק...
אזויפיל פייַנ, אזויפיל טרערנ פונ די שוועסטער,
וואָס אינ די שאנד-הייַזער געטריבנ ווערנ זיי,
איז מיט א שווערד אינ האנט ניט אומקומענ דענ בעסער?!
אונ ס'האָט די מוטער זי א קוש געגעבנ: — גיי!

— פארבלייַב געזונט! מירנ קיינ מאָסקווע אימ ניט לאָזנ,
וואָס ס'זאָל ניט אויספאלנ אינ וועג אונדז אונ ווי שווער.
עס וועט גענוג מיר זייַנ צוקאָפּנס א בעריאָזע,
נאָר אפ דער אייגענער, דער פאָטערלעכער ערד! —
אינ שניי די קרוינשטאָט איז א שלאכטיקע געלעגנ,
געשפרייט אפ ווייַט האָט זיכ פונ פייַנ אונ רומ דער וועג;
צומ קרעמל שטאָלצ א קוק געטאָנ האָט טאניע
אונ אינ אָטריאד אינ פארטיזאנישנ אוועק.

3

געקומענ טאניע איז באנאכט אינ דער קאזארמע
אונ זיכ געמאָלדנ גלייַכ צומ קאָמאנדיר;
ס'האָט זי א שלאכטנדיקע שטרענגקייַט אומגעארעמט,
ווי נאָר אנ עפנ זיכ געגעבנ האָט די טיר.
אונ דאָכ א היימלעכקייַט אפ איר האָט אָנגעטאָנ זיכ
מיט אזא שלאָפלאָזיקער מונטערקייַט פונ נעכט,
א ווייַל האָט אומרויִק דער בליק איר געבלאָנדזשעט,
א ווייַל צעטומלט זי געשטאנענ איז פארקלערט.

נאָר גלייַכ א גיי געטאָנ צו איר איז מענ אנטקעגנ,
אונ אזוי לייַכט איז איר געוואָרנ מיטאמאָל.
ס'האָט זיכ געראשט. מ'האָט זיכ געגריסט אונ זיכ געזעגנט,
אזויפיל הארציקע פרייַנט פונ קאָמסאָמאָל,
אונ א באגעגעניש א פריידיקע אזא מינ,
ווי פונ דער שול זי וואָלט אריבערגאנ די שוועל, —

ניט בא דער ברעט זײַנען זיי, ברויזיקע, פֿאַרזאַמלט,
נאָר בא דער קאַרטע בא דער שלאַכטיקער פֿון פֿעלד.

מ׳האָט אין א רעיד זיך א באַנאַכטיקן געגרייט דאָ:
צי ניט פֿאַרזען עפּעס, צי אַלעס איז פֿאַראַן?
און מיט די פֿלאַקערדיקע אויגן האָט די איידע
זיך שוין געצויגן ווײַט איבער דעם ראַנד;
א יעדעס שטעגל זיך דערמאָנט אפֿן זיקאָרן,
— צי קיין געפֿאַר ערגעץ דאָרט לאָקערט ניט אזא.
געוועזן איז הייס אין דער קאַזאַרמע פֿון דעם צאָרן,
די אויגן גיבן זיך בא יעדן א צעגלי נאָך,
וואָס ס׳האָט אין האַרץ געברענט בא יעדן פּאַרטיזאַן.

נאָר מ׳האָט קיין איבעריקס אין וואָרט זיך ניט פֿאַרגונען,
עס איז די צוגרייטונג געגאַנגען שוין צו ענד;
זיך ערגעץ אופֿהייבן אָט באַלד וועט א באַגינען
פֿון אָט די צאָרנדיק־נעקאָמעדיקע הענט,
וואָס וועט פֿאַרפֿלייצן מיט א פֿײַערדיקער כוואַליע
אַלץ, ווו דער סוינע וועט זיך געבן נאָר א ריר...
און, ווי אַן אייגענע, שוין טאַניע — צווישן אַלע,
צו איר געווענדעט האָט זיך שטיל דער קאָמאַנדיר:

— איר האָט קיין אַנגסט ניט? — ער געטאָן האָט זי א פֿרעג דאָרט.
— ניין! — האָט אַן ענטפֿער אָפּגעהאַקט די רייד.
— באַנאַכט אין וואַלד איז אומהיימלעך און שרעקלעך.
— עס מאַכט ניט אויס. איך ווייס. כ׳בין גרייט!
איר בליק אפֿ וועגן האָט געבלאָנדזשעט ערגעץ ווײַט שוין,
אין נעפּלען פּראָסטיקע אין שנייִקע פֿאַרהילט;
— און אויב אַרײַנפֿאַלן איר וועט דאָרט צו די דײַטשן?
— כ׳וועל אויסהאַלטן! — געענטפֿערט האָט זי שטיל.

אין דר׳הייך געטראָגן ט׳זיך דער קלאַנג פֿון די קוראַנטן,
מיט אים געטיילט האָבן זיך ווינטן אין עפּיר,
און מיט א שמייכל אויסגעשטרעקט די האַנט איר
ווי צו א טאָכטער האָט דער קאָמאַנדיר.
צום ערשטן מאָל האָט זי דעם טרוים אירן דערזען דאָ,
ווי ס׳טוט זיך לײַב־און־לעבן אפֿ אים אָן, —
דעם צווייטן טאָג — מיט בליק אין ווײַט געווענדעט —
איז זי אַריבערגאַנגען צום סוינעס דורכגאַנג פֿראָנט,

דורכ וועגנ לײַבלעכע, ווו ס'האָבנ אירע זיידעס
אינ שלאכטנ גרויזאמע געגרונטפעסטיקט דאָס לאנד
מיט ביינער אייגענע אפ שטרעקעס ווײַט פארוייטע, —
האָט זי — אנ אָפשטאמ זייערער — געשפאנט,
ניט מיט קיינ קלינגענדיקע לאטעס פונ א פאנצער,
ניט מיט קיינ ראש פונ אײַזנ אונ פונ שטאָל,
נאָר גײַסט, געלײַטערט פונ א דאָר א גאנצנ,
אונ אפנ הארצנ — דער בילעט פונ קאָמסאָמאָל.

איבער די אויערנ — א הוט פונ א צעגייקע,
אונ א פאָר פליודערנ מיט וואט אונטערגענייט, —
ביז אינ די קני די הארטע וואָליקעס זיכ ווייקנ
אינ ערשט-געפאלענעמ, אינ ניט-גערירטנ שניי.
דער ראנד געשליפנ ווי א שווערד איז ווי א בלאנקע,
מיט שניי די ווײַט אנ אופגעוויגטע שײַנט —
עס גייט א רוסישע, א יונגע פארטיזאנקע
דאָס לאנד פארטיידיקנ מיט לײַב אירס פונעמ פײַנט.

דער וואלד איז אומעטומ א פאָטערלעכע היימ איר,
עס גיסנ שלאָפלאָזיקע נעכט זי אָנ מיט מוט.
באנאכט צעגייט מענ זיכ אפ אופגאבנ געהיימע,
באטאָג בא שײַטערס זיכ מע ווארעמט אונ מע רוט,
ווער צו א סאָסנע-בוימ זיכ צוגעטוליעט מונטער,
ווער אפנ שניי א מידער זיכ פארטײַט.
אונ די סאכאקלענ פירט מענ שלאכטיקע דאָרט אונטער
פונ דער פארגאנגענער, דער אומרויִקער צײַט.

4

ניט אינ קיינ טאבאָרנ אונ ניט אינ קיינ שאלאשנ
פונ וואלד צו וואלד די פארטיזאנער וואנדלענ אומ,
מיט לידער גרויזאמע אונ ווינטיקע געראשנ,
געבענטשט פונ פאָלק מיט אומפארוועלקנדיקנ רומ,
זיי דרינגענ דורכ ווו א שפארונע, ווו א נאָרע, —
בא יעדנ שטעגעלע — אנ אָנגעלייגטער גאסט;
אונ וויי דעמ פײַנט, וואָס האָט פארזוכט פונ זייער צאָרנ,
אונ וויי דעמ פײַנט, וואָס האָט פארזוכט פונ זייער האס!

מיט ווײַב און קינד האָט זיך א יעדערער געזעגנט,
זיך שטיל צעקושט מיט דער פארשוועכטער שוועל, —
און זיך דעם פאָטערלאנד געשווירן בא די וועגן:
— נעקאָמע אויסקריצן דעם סוינע אפ דער פעל!
ווו נאָר אדורכטרעטן מיט רויב ער וועט די ערד דאָ,
זאָל אים צום ראנד פון קייווער טרײַבן זײַן געלאָפ.
אויב ערגעץ אָפרוען זיך לייגן וועט דער מערדער,
זאָל ער שוין קיינמאָל זיך ניט אופכאפן פון שלאָף.

אויב ער נאָך וואסער וועט זיך לאָזן צו א ברונעם,
זאָל ער אפריער נאָך דערשטיקט ווערן פון היץ,
אז אונטערברעכן זאָל אפריער אים דער דונער,
איידער א בלענד טאָן פאר די אויגן וועט דער בליץ.
אויב ער נאָך ברויט וועט זיך א לאָז טאָן צו די שײַערס,
זאָלן די הענט זיך אים פארגראָבן אין דער ערד.
פון יעדער שוועל זאָל אים באגעגענען א פײַער,
פון יעדער זאנג זאָל אפ אים ווארפן זיך א שווערד!

אויב צו א בוים זיך נאָך א שאָטן ווענדן וועט ער,
ווען ס'וועט אן אָפגרונט אים דער בראנד טאָן א צעשפאר,
זאָל גרינער גיפט אים ווארטן אפ די בלעטער
און אויסגעשפירט זאָל זײַן זײַן יעדער שפאן.
אויב א פאריאָגטער ער אין דר'היים וועט זיך דערמאנען,
זאָלן פארשליסן זיך די וועגן אים צוריק.
און ווי א קלאָלע זאָל זײַן לאנד אים זײַן — „גערמאניע",
מיט לעצטן אָטעם ער פארשעלטן זאָל דעם קריג!

אויב אין די פרעסט וועט אים א פײַערל א ווונק טאָן,
זאָלן די וויוגעס אים אראָפפירן פון וועג, —
אז אומפארמײַדלעך זײַן זאָל אים דער אומקום
און אומראכמאָנעסדיק נעקאָמעדיק געשלעג,
און אים אינערגעץ ניט פארזען און ניט פארזאמען,
און אים אינערגעץ ניט ארויסלאָזן געהיים, —
אזוי דעם לאנד האָבן געשווירן פארטיזאנער,
אזוי געזעגנט האָבן זיי זיך מיט דער היים.

די לענדן גרויזאמע — געגורטע מיט גראנאטן,
און בייזע פענעמער — באוואקסענע מיט בערד,

נאָר יעדנ אויסגעהאקטנ ביימעלע — א טאטע,
אונ אזא ליבע — דער יעסוימעדיקער ערד...
אָט דאָס האָט טאניע שטיל אינ הארצ בא זיכ פארטײַעט,
אונטער די ברעמענ — אזא דורכזיכטיקער צאר,
אונ יעדער אומגאבע איז הייליק איר אונ טײַער,
אונ ס'ווערט פארברענט אינ איר די שרעקלעכסטע געפאר.

איבער די וועגנ פוילט דער בראָכ פונ סוינעס כײַעל
מיט די באגלייטערס די אנטשלאָפענע באנאנד,
אונ אומעטומ איז טאניעס אויסשפיר דער געטרײַער,
אונ אומעטומ איז טאניעס ברויזנדיקע האנט.
דאָכ — וואָס זי טוט, דאכט זיכ איר אונ ס, אז עס איז ווייניק.
ווי זי באמיט זיכ ניט, איז דוכט איר, — ס'איז ניט אלצ,
זי הערט פונ ווײַט, ווי שוועסטער אירע וויינענ,
ווי ס'ווארפט דעמ טליע-שלייפ דער פײַנט אפ זייער האלדז...

נאָר ס'גייט די שפּײַז אונ די פאטראָנעס שוינ צו ענדע,
נאָר דער אָטריאד צוריק שוינ קלײַבט זיכ גיינ.
אונ טאניע גיט צומ קאָמאנדיר זיכ שטיל א ווענדע:
— איכ וויל נאָכ בלײַבנ אפ א צײַט אינ וואלד אליינ!
צעווישנ אָנגעשניטע בערגעלעכ ווי בײַדלעכ
האָט איבעראשט דער קאָמאנדיר זי קוימ געזעג:
— אונ אויב דיר אומקומענ וועט זײַנ דאָ אומפארמײַדלעכ?
— איז דײַטשנ אומברענגענ אמווייניקסטנ כ'וועל צענ!

ס'געפינט שוינ טאניע דאָרט פאר אומגעדולד קיינ רו זיכ,
דאָס הארצ פארגייט זיכ מיט א בענקשאפט אינ דער ברוסט.
ערגעצ פארשריבנ אינ א ביכל האָט קוטוזאָוו:
— פראנצויזנ צענ וועט ער ניט בײַטנ פאר קיינ רוס!
פארשנייטע שפרייטנ זיכ די רוסלענדישע וועגנ,
לעגענדעס שלאכטיקע א יעדערער באהאלט.
מיט פארטיזאנער מיט כאווײרימ שטיל געזעגנט
האָט בא די הענט זיכ טאניע דאָרט אינ וואלד.

5

באוווינט האָט טאניע אירע וואלדישע פאלאצנ,
באקומענ ליב איר אונטערוועגדיקע היימ.
פונ אונטער שניי-געדעק רײַסט דורכ צו איר א בלאט זיכ,

און ס׳פּלאַצט פֿון פֿראָסט די קאָרע אָפֿן ביים —
ווי יעדער איינציקער אַליין צעעפֿנט וואָלט זיך
פֿאַר דער פֿאַרקלערטער פּאַרטיזאַנקע דאָ אין וואַלד,
זי צו באַטרינקען מיט אַ קראַפֿט מיט אַזאַ שטאָלצער,
וואָס יעדער איינציקער פֿון זיי אין זיך באַהאַלט.

שווינדט זיך ניט אויסגעטאָן אַ כּוידעש, עפּשער מערער...
צו אירע אויגן רירט דער דרעמל צו זיך קוים.
ס׳האָט פֿאַר דער צײַט זיך אויסגעשליפֿן דאָס געהער איר,
און עפּעס לײַבלעכער דערפֿילט האָט זי דעם רוים,
די פּאַסן הימל דורך די דורכלויכטן פֿון צווײַגן,
די ווײַטע ראַנדן די פֿאַרקישעפּטע פֿון שניי
און פֿונעם וואַלד דאָס ווינטערדיקע דײַגען,
און דעם געוואָי פֿון ווינטיקן זאַווײ.

איר פּאָנעם ווײַסער ווערט פֿון אײַנוואַשן מיט שניי זיך,
ס׳פֿאַרקעמט אַרויף די האָר אירע דער ווינט,
די אויגן — טרויעריקער, לויטערער און הייסער.
און איידער נאָך פֿון נאַכט די פֿינצטערניש פֿאַרשווינדט,
נאָך ביז באַגינען — זי אין וועג אַרײַן איז פֿאַרטיק.
לאָזט זי מיט האָפֿנונגען אַוועק זיך אָן אַ צאָל, —
עס דוכט, אַזביימער קוקן אויס זי אין פֿאַרנאַכטן
און אַז זיי בענקען, ווען זי שפּעטיקט זיך צומאָל.

זי גייט אַליין קעגן דעם פֿײַנט איבער דעם שניי דאָ,
איר איז ניט שרעקלעך דאָ צו אומקומען אין וועג.
ס׳ליגן די ביינער דאָ געבעט פֿון אירע זיידעס,
זיי וועלן אויפֿשטיין טויטערהייט, פֿון ווי דערוועקט,
און מיט די שווערדן ניט־פֿאַרזשאַווערטע אַ בלאַנק טאָן
און אַ צעקלינג טאָן זיך מיט שטורעם פֿון געפֿעכט.
זי בלאָנדזשעט אום, די יונגע פּאַרטיזאַנקע,
און מיטן טויט דעם סוינע זי פֿאַרשפּרעכט.

זי רעדט דעם צאָרן און דעם ווי אירן דעם שניי אײַן,
פֿאַרהילן זאָלן זיי די אופֿרײַסן באַם ראַנד,
ווען ס׳וועלן דורכגיין נאָר די פֿײַנטלעכע אַרמייען,
זאָלן זיי אופֿליִען מיט פֿײַער און מיט בראַנד.
און ס׳וואַלגערט שטאָלענער געביין זיך אויף די וועגן,

וואַגאָנעס דראַפּען מיט די רעדער זיך אַרום
פֿון די געהיימע די פֿאַרבאָרגענע געשלעגן,
פֿון דעם געוואַגטן פּאַרטיזאַנישן באַרוף.

די ווינטן זאָרגפֿעליק די טריט אירע פֿאַרמעקן,
קיין מינדסטער צייכן ניט פֿאַרבלײַבן זאָל דערקענט.
זי שפּאַנט אַדורך אירע געפֿאַנגענע פֿאַרמעגנס,
זי קומט צו זיי פֿון ווײַט און פֿון דער נאָענט,
ווי ס'קומט אַ פֿייגעלע צו גראַטעס פֿון אַ טורמע,
צו די פֿאַרשפּאַרטע הינטער טפֿיסעדיקע ווענט
און ברענגט זיי גרוסן פֿריידיקע פֿון שטורעם,
וואָס אַ פֿאַרטײַעטער אין האַרץ זיך שוין צעברענט.

געדוכט אין איינזאַמקײַט באַנאַכט האָט זיך דאָרט טאַניען,
אַז שיין, ווי קיינמאָל, ווינטער איז דער וואַלד.
עס גיט די מאַמע מיטאַמאָל זיך אַ דערמאַן איר,
און אַזאַ בענקשאַפֿט אַזאַ ווײַטע זי באַפֿאַלט.
צו איר דער קלאַנג פֿון ווייענדיקע גוסליעס
גיט אין דער שטילקײַט נאַכטיקער אַ גיי:
— פֿאַרמאַך די אויגן און דערזעען וועסטו רוסלאַנד
אין גרינער כוואָיע, אָפּגעשאָטענער מיט שניי.

ווען זי אַנטדרעמלט, שטייען אויף פּאַר אירע אויגן
דער זילבער-שײַנענדיקער גוטער זיידע-פֿראָסט,
ס'גיט אַ צעפּאָכע זיך דער ברענענדיקער פֿויגל,
דאָס הויקער-פֿערדעלע פֿון ווײַט זיך גיט אַ לאָז,
זיי קומען אַלע באַדערנאַכט זיך צו באַראַטן,
ווי זאָל זי בײַקומען די דראָענדע געפֿאַר.
נאָר אין איר קלומעקל זיך וואַרעמען גראַנאַטן,
די דריי מיט אומגעדולד אַ יעדע איינע וואַרט.

אַ שטיקל ברויט איז נאָך אין קלומעקל פֿאַראַנען,
מיט די גראַנאַטן אינאיינעם, צווישן זיי.
נאָר עסן ווילט זיך פֿאַרן אוועקלאָזן ניט טאַניען,
זי לייגט אַרויס אירע גראַנאַטן אויפֿן שניי,
און, אַ פֿאַרטרוימטע, זי באַטראַכט ביז איינדערפֿרי זיי,
פּונקט ווי די לערנביכער פֿונעם צענטן קלאַס,
וואָס זי פֿאַרענדיקן אין שול האָט ניט באַוויזן
אונטער דער אומדערוואַרט-מיליטערישער לאַסט.

6

שוין לאנג איז היימלעך ניט געווען אין וואלד אזוי דאָ,
ווי אין קאַלאָרעדיקן אויגנבליק אצינד, —
עס גיט א צוויַיגל מיט א צוויַיגל זיך א סוויו׳ע,
און א פארקישעפטער הערט שטיל זיך איַין דער ווינט.
שוין צייַט איז טאני׳ען זיך געזעגענען מיט אים היַינט,
די פליכטן אויספילן זי גייט אצינד אוועק.
איבער איר קאָפּ זיך שפּרייט א שטערנדיקער הימל,
צופוסנס ליגט אן אויסגעשנייטער וועג.

און אָנגעלאָדן זיך אוועקגעלאָזט זי האָט דאָרט.
ס׳באמערקט ניט קיינער, ווי זי גייט, ווי זי קומט אָן.
ערגעץ שוין איַינגעקאָרטשעט וואלגערן זיך דראָטן,
שוין ערגעץ שוויַיגט אין פעלד א דיַיטשער טעלעפאָן.
און טאניע שפּאנט איבער די שנייִקע זאווייען,
א יעדעס שטעגעלע אנטפּלעקט זיך איר אליין,
א יעדעס ביימעלע אין וועג טוט אזוי ווי איר, —
זי הערט אין יעדן א פארבאָרגענעם געוויין...

און שטיל פון איינעם צו דעם אנדערן זי וואנדערט.
עס רייַסן ווינטן זיך מיט ווינטן אין געפעכט,
ערגעץ אין וועג פליט זיך א לאסט־וואָגן פאנאנדער,
געלאָזט מיט פיַיער איז א שטאל ערגעץ מיט פערד.
א יעדעס ביימעלע איר הארץ פילט מיט געוואג אָן,
און איבער ברעגן רייַכט דער האס זיך צו דעם פייַנט, —
זי האָט דאָ אויסגעשפּירט ניט וויַיט א גאנצן לאגער,
דער וועג אהין — באוואָרנט איז און פריַי.

עס גיט א היץ איבער איר לייַב זיך א צעגאָס דאָרט...
אָט איז די פלאש... און דער נאגאן... אָט איז דאָס דאָרף...
שוין לאנג דער מאמען ניט געשריבן ט׳זי קיין מאָסקווע
און קיין יעדיע ניט געהאט שוין לאנג פון דאָרט...
און אזא בענקשאפט גיט א כאפּ זי פארן הארצן,
און יעדער שאָרך ווי גיסט אין לייַב זיך איר פארזויגט:
זי זאָל אריַינשטעלן אהיים איצט אומדערווארט זיך,
ווען ס׳זאָל די מאמע זי דערזעען איצט אזוי —

אין די געשטוקעוועטע מײַטקעס די וואַטאָווע,
אין דער צעגייקע, מיט דעם קלומעק אַפּ דער זײַט,
וואָלט זי אַ זאָג געטאָן: — געזויגן און געכאָוועט...
און עפּשער אויך אַ טרער וואָלט זי פֿאַרטײַ'ט...
נאָר פֿאַר געוויס וואָלט זי דאָך שטאָלץ געווען אין האַרצן
און ניט געוווּסט ווי צו באַגיין זיך איצט מיט איר.
אָט איז דאָס געסעלע... דער הויף, — איך דוכט זיך —
אָט איז די שטוב... די צוגעמאַכטע טיר...

ניין, ס'איז דאָס דאָרף. און ס'איז שוין מער ניטאָ קיין אָפּהאלט.
אין פֿלאַש דערוואַרעמט גרייט איז דער בענזין.
זי קוקט זיך אום: אַן אייגן דאָרף, דער טויט — צוקאָפּנס...
— אין קלעם איז, רוסלאַנד, איצט דײַן ערד און דײַנע זין...
אָט איז דאָס אָרט. די אָנגעמערקטע שאָפּע.
ס'גיט טאַניע פֿיבערדיק און שנעל זיך גלײַך אַ טראָג:
זי וועט איר אײַנגעווייד מיט פֿײַער באַלד פֿאַרשטאָפּן,
ביז ס'וועט שאַריִען אָנהייבן אַפּ טאָג...

עס ליגן אָנגעגרייט דאָרט דײַטשישע סנאַריאַדן,
עס ליגט דער טויט דאָרט אָנגעקליידט אין שטאָל,
אַ יעדער איינער אַפּ אַ יאַסליע גיין וועט גראַד דאָרט,
אַ יעדער איינער וועט אַראָפּ אַפּ אַ שפּיטאָל.
אַ יעדער איינער וועט די גאַס מיט בלוט באַגיסן,
און אַ געיאָמער אופֿהייבן אין דר'הייך.
דאָ איז דער סאָף. די שטאַל, אָט איז זי.
נאָך צוויי — דרײַ טריט. דאָס אָרט זי האָט דערגרייכט.

ס'וועט באַלד זיך אופֿהייבן אַ גענעמדיקער שײַטער.
זי זעט, ווי ס'רײַסט זיך אויס פֿון אינווייניק דער שרויט.
נאָר ניט געזען האָט זי, ווי ס'לויערט פֿונדערווײַטן
נאָך אירע טריט די וואַך פֿון טויט.
איך דוכט זיך אויס, אַז יעדער רעגע ווערט זי גרעסער,
צו רוסלאַנד ווענדנדיק דעם בליק אירן מיט שײַן:
— דו זאָלסט אין מיר, מײַן היימלאַנד, ניט פֿאַרגעסן,
פֿאַר מיר צערעכענען דו זאָלסט זיך מיטן פֿײַנט!

זי בייגט זיך אָן. אַ שוועבעלע. אַ פֿויזע.
און אפֿן ווינט אַ צינד זי גיט עס אָן...

און אפֿן שנײ די וואַך פֿון טויט האָט שטיל געפֿויזעט
און זיך אַ וואַלגער מיטאַמאָל אַפֿ איר געטאָן.
דער פֿלאַם באַוויזן האָט אַ גיי טאָן פֿון דער סטאַניע
דורך טאַניעס האַרץ און דורך איר לעצטער נאַכט. —
און דורך דעם שליאַך, באַלויכטענעם מ'האָט טאַניען
צו אָפּיצערן אַ געבונדענע געבראַכט.

7

אַ פּויערש שטיבעלע. אַ נידעריקע סטעליע.
געווירצן טרוקענע צעהאַנגענע אַפֿ די ווענט.
קאָסאָקע פֿענצטערלעך זיך שיקלען צו די שוועלן,
און אַפֿן טיש אַ לעמפּעלע נאָך ברענט.
איקאָנעס מאָגערע, איקאָנעס אָפּגעצערטע,
און פּאָנאָמאַרן פֿרעמדע — אָנגעזויפֿן-זאַט:
— וואָס טוט אין שטוב אַ דײַטשער אָפּיצער דאָ?
— ווי קומט אַהער אַ דײַטשלענדישער קאַט!

דער באַלעבאָס פֿון לאַנד — ווער איז דאָ?
צי אין דער ווירקלעכקײַט געשיקט זיך, אַז עס ווערט
אָט דאָ געשטעלט פֿאַר דײַטשישע פֿאַשיסטן
די גרויסע רוסלענדישע פֿרײַהײַט צום פֿאַרהער?
האָט טאַניע שטיל אַ פֿיר געטאָן די אויגן
איבער דער שטוב, וואָס האָט געשטיקט זיך מיט דער פֿרעמד;
עס האָט אַ ווערבע בײַ דעם פֿענצטער זיך געבויגן,
פּונקט ווי אין פֿענצטער וואָלט זי קוקן זיך געשעמט.

געשטאַנען גרייט איז טאַניע צו איר פּרווו איצט.
פֿון אירע אויגן זיך געריסן האָט פֿאַראַכט.
זי האָט נאָך הילף צו קיינעם ניט געררופֿן
און האָט אַפֿ הילף פֿון קיינעם ניט געוואַרט.
זי ווייסט אַליין — די אַכצן יאָר וועלן איר קלעקן.
דעם ווײ געצוימט האָט זי געביסן מיט די ציין.
אַליין, אַליין קעגן דעם אומווירדיקסטן עקל,
זי ווייסט אים קעגנשטיין און בײַקומען — אַלציינס!

מ'האָט גלײַך אַ ריס געטאָן פֿון קאָפּ איר די צעגייקע,
נאָך אירע וואָליקעס אַ וואַלגער צו די פֿיס.
— אַנו, דערציילן! — האָט אַן אָפּיצער געטאָן אַ מייקע,

נאָר ניט געלייקנט, גלײַכ זאָג, ווער דו ביסט?
די פארטיזאנער זײַנענ ווו אונ ווו איז סטאלינ?
עס האָבנ פויסטנ באם פארהער זיכ גלײַכ צעלאָזט.
מיט בלוט באוואשנדיק זיכ, דורכגערוישט האָט טאניע:
— דער כאווער סטאלינ איז ווי שטענדיק אפ זײַנ פאָסט!

צעריסנ שנעל אפ טאניענ מ'האָט דאָס אָנטאָנ,
אונ מיט א זעג א פרווו געטאָנ איר לײַב.
די ציינ פונ שטאָל האָבנ אינ לײַב זיכ איר פארפלאָנטערט,
דער אָפיצער האָט זי א רופ געטאָנ פונסנײַ.
געלייגט דער טאָג האָט מיטנ הארצנ צו דער ערד זיכ,
אונ ביזנ הימל ט'זיכ געטראָגנ דער זאוויי.
פונ הינטער ווענט האָבנ זיכ דורכגעריסנ קרעכצנ,
הינטער די ווענט האָט מענ געשטיקט זיכ מיט געוויינ.

נאָר אירע ליפנ ניט קיינ ריר האָבנ געטאָנ זיכ,
געטריפט בלויז בלוט האָט טראָפנווײַז פונ זיי.
איר טריבער בליק האָט ווייטעקדיק געבלאָנדזשעט
ערגעצ אינ מאָסקווע דער באזילבערטער מיט שניי,
וואָס האָט באשאָנקענ זי מיט מוטיקײַט אונ קויעכ,
וואָס האָט פארהארטעוועט איר ווילנ ווי מיט שטאָל:
— וויינ ניט, מאמע, וויינ ניט אונ ניט טרויער,
דעמ ווײַ שמעלצ איבער אינ געקאָמע, מאמע, שטאָלצ!

עס הערט ניט טאניע, ווי אינלופטנ פײַפט דער רימענ,
ווי אינ איר הויט פײַפט ער זיכ שנײַדנדיק ארײַנ. —
זי הערט, ווי שטערנ יאָגנ זיכ אינ הימל,
ווי ס'פאלט דער שניי פרימאָרגעדיק באשײַנט,
אונ יעדער וווּנד דרײַסט אינ דער ווײַט זיכ: — מאמע, וויינ ניט,
דער טויט איז זיסער ווי די קנעכטשאפט אונ דער אָל.
ווער וועט ניט אָפגעבנ דאָס לעבנ פאר דעמ היימלאנד?
ווער וועט ניט אָפגעבנ דאָס לעבנ פאר דעמ פאָלק?

אונ רימענס פאָכענ זיכ. שוינ אויסגעציילט צוויי הונדערט.
די הענקערס מאטערנ זיכ אויסשפילנ די שלאכט.
אפ טאניעס לײַב עפנט א וווּנד זיכ נאָכ א וווּנד דאָרט,
נאָר אירע ליפנ זײַנענ שטיינערניק פארמאכט.

— איז זאָל מען פֿײַער צוטראָגן צום מויל איר, —
באַפּעלט אין אומגעדולד דער אופֿגעבראַכטער קאַט;
עס וועלן ברענענדיקע שוועבלעך באַ איר פֿויעלן
און זיך דערוויסן אַלץ און אַקוראַט.

ס׳וועט טאַניע גערן זיך צעקוּשן מיטן פֿײַער,
פֿון מויל די ריינקײַט אָפּגעבן דעם פֿלאַם,
און ניט פֿאַרמווירדן איר ליבע איר געטרײַע
צו איר געלײַטערט פֿאָלק און צו איר לאַנד.
און אָט שווין גליִען אירע ליפּן זיך אַף קוילן,
נאָר קיינער הערט קיין קרעכץ און קיין געשריי.
האָט מען זי אויסגעטאָן אַ באָרוועסע, אַ הוילע
און זי אַרויסגעפֿירט זיך דורכגיין אַפֿן שניי.

8

דער שניי געלעגן ווי אין טרויער איז אַ טריבער.
דער רוים האָט אָנגעטאָן אַף איר זיך ווי אַ העמד.
ס׳האָבן די הענקערס זי געשטויסן און געטריבן,
נאָר זי דעם ווייטעק האָט מיט לעצטן קוי׳ך פֿאַרקלעמט.
דער קויט ניט צוגעשטאַנען איז צו אירע ליידן,
ער איז פֿאַרברענט געוואָרן ראַשיק אין איר וויי;
און דרײַ מאָל ריין און זיבן מאָל געלײַטערט
איז זי געגאַנגען הויל איבערן שניי.

ווי ווײַסע לאָרבן אַף איר טרויעריקן שטערן
געלייגט דער שניי האָט זיך אַף קיינמאָל ניט צעגיין.
ניט אויסגעלאָשן זיך אין הימל האָבן שטערן,
געווענדט צו זיי די אויגן טאַניע האָט אַליין.
זי איז געגאַנען איבערן שניי ווי אַן אַפּאָסטאָל,
דאָס לאַנד דאָס גאַנצע האָט די טריט אירע געהערט.
פֿון טריט די צייכנס האָט פֿאַרהאַרטעוועט דער פֿראָסט דאָרט,
זיי זאָלן אייביק זײַן פֿאַרקערפּערט אַף דער ערד.

מע זאָל זיי ליי׳נען ווי אַ פּינקעס אין די צײַטן,
און ווי אַ ליד אין האַרצן טראָגן זיי מע זאָל, —
ווי שטאָלץ געגאַן אַ פּאַרטיזאַנקע איז אַף ליידן,
דאָס לעבן אָפּגעבן דאָס יונגע פֿאַרן פֿאָלק.

די הויט געפּלאַצט האָט אָפּ איר לײַב אָפּ דורך און דורך דאָרט,
אין בלוט געטריפט ווי דער באַגין האָט אָפּן שניי.
די טעמפּע הענקערס האָבן ראַשיק זי געשטורכעט,
נאָר ניט געפילט האָט זי דעם צוריר און דעם וויי.

ס'האָבן די קויכעס זי פאַרלאָזט. נאָר זיך פאַרהאַלטן
האָט אָפּ א שלאָס דאָס אָנגעגליטע מויל.
שוין ניט קיין סאַך. אָט באַלד וועט זי א פאַל טאָן
און גיטן שניי זיך געבן א פאַרקנויל.
נאָר זי באַדאַרף נאָך עפּעס געבן דאָ צו וויסן,
איז זיך ניט אָפּגעשטעלט — דערשטיקט אין זיך דעם וויי;
און ס'האָט די ערד די רוסישע געקושט די הוילע פיס איר
און אָפּ איר טאָכטער האָט די ערד די רוסישע געוויינט.

די הענקערס פירן זי. זיי ציטערן און פרירן.
נאָר טאַניע גייט. עס איז איר שניי. איר פראָסט. איר דאָרף.
— ס'איז לײַכטער דרײַ מאָל ס'לעבן צו פאַרלירן,
איידער דאָס פאָטערלאַנד פאַראַטן מיט איין וואָרט!
עס גיט א טליע שוין געגאַנגען איר אַנטקעגן,
נאָך פון באַנאַכט האָבן די הענקערס זי געהיט.
דער שניי אין טרויער אַזאַ טריבער איז געלעגן,
געמונטערט טאַניע האָט אים שטיל מיט אירע טריט.

א יעדער טראָט האָט אין דער ערד זיך אײַנגעהאַמערט
און איר פאַרטרויט אין דר'הייך ווי מיט א קאָל:
— זײַ רויִק פאַר דײַן טאָכטער, מאַמע!
— זײַ רויִק פאַר דײַן טאָכטער, פאָלק!
אָ, רוסלאַנד אויפגעוועקטס דורך פלאַמען טריבע,
די ווונדן שלאַכטיקע געוויקלט אין באַגינען! —
צי ניט אַזוי האָט דײַן געשיכטע זיך געשריבן
דורך דײַנע בעסטע און געטרײַסטע דײַנע זין?

פאַרטאָג געבראַכט מ'האָט טאַניען צו דער טליע,
פאַריאָגט אַהין אָפּ טרויער דעם האַמוין.
ס'האָט דער באַגין אין הימל נאָך געטליִעט,
און אויפגעעפנט האָט בא טאַניען זיך דאָס מויל:
— וואָס זײַנט איר טרויעריק, כאַוויירים? שלאָגט די דײַטשן!

21—4

דערטרינקט אין פֿײַער זײ! און האַרטער זײַט פֿון שטאָל!
מיר איז דער טויט ניט שרעקלעך. ווייסן זײַט זשע,
אַז ס׳איז אַ גליק צו שטאַרבן פֿאַרן פֿאָלק!

אַן אָפּיצער דערלאַנגט האָט די קאָמאַנדע
און מיט דער שווערד געטאָן פֿאַר איר אַ בלענד.
נאָר אָפּגעשטויסן טאַניע האָט די האַנט אים
און צו די דײַטשישע סאָלדאַטן זיך געווענדט:
— מיך וועט איר אויפֿהענגען. נאָר צוויי הונדערט מיליאָנען
וועלן זיך נוקמען זײַן פֿאַר מיר און פֿאַר מײַן לאַנד! —
איידער דעם שלייף האָבן פֿאַרצויגן די טאַליאָנים,
האָט זי באַוויזן נאָך צו אויפֿהייבן די האַנט

און זי אַ שטרעק טאָן צו פֿרימאָרגעדיקע שטראַלן
און נאָך אַ כאָרכל טאָן צולעצטנס אין דער ווײַט:
— געדענקט, כאַווײרים, אַז מיט אונדז איז סטאַלין!
ער וועט קומען! ס׳וועט דאָס היימלאַנד זײַן באַפֿרײַט!
איר דוכט זיך אויס, אַז יעדער רעגע ווערט זי גרעסער,
צו רוסלאַנד ווענדנדיק דעם לעצטן בליק מיט שײַן:
— דו זאָלסט אין מיר, מײַן היימלאַנד, ניט פֿאַרגעסן,
פֿאַר מיר צערעכענען דו זאָלסט זיך מיטן פֿײַנט!





## געזאנג וועגנ די אכט אונ־צוואנציק

1

א דעמב בא דעמ וואָלאָקאָלאמסקער שאָסײ...
פ׳נ ערגעצ א בלאָנדזשענדער ווינט גיט א ווײ.
ער דארפ ניט קײנ רו. ניט געקומענ צוגעסט.
ער זוכט דאָ א גראָבנ. ער זוכט דאָ א נעסט,
ער זוכט דאָ א קײווער — א קוש טאָנ די ערד,
ווו ס׳רוט פונ גווארדײער ס׳געבײנ אונ ס׳געווער.

ווער וועט זי אימ ווײַזנ? ווער טראָגט דאָ די וואכ?
ס׳איז שטיל. א פארכאלעשטער ציט זיכ דער שליאכ.
א יעטווידנ שאָרכ פונ ארומ ער פארנעמט, —
אינ גרויענ שינעל ווי אינ קאָרע פונ דעמב
מיט שלאָפלאָזע אויגנ, באהויכט דורכ א שטראל,
די וואכ טראָגט באמ ראנד א גווארדײ-גענעראל.

— האָסט, ווינט, אונטערוועגס דאָ פארבלאָנדזשעט אהער,
געקומענ גווארדײער באערנ — באער!
געארמט מיט דער ערד, זײַנענ אלע פאראנ,
נאָר ס׳איז ניט קײנ קײווער, — ס׳א שלאכטיקער ראנד.
טרומײטנ זיכ קויקלענ אונ וועקנ דאָס פעלד:
דאָס גיבער-געבײנ פונ גווארדײער באפעלט!

די וואכ איז צעשטעלט. דאָס געשלעג זעצט זיכ פאָר.
עס שטעלנ קײנ סרײפעס ניט אָפּ דעמ קאיאָר.
זאָל זײַנ אכט אונ צוואנציק, קײנ אײנער ניט מער...
עס זאפט אינ גראניט ניט אדורכ זיכ קײנ טרער,

דער פעלדז אונטער וואָלקנס באַדאַרף ניט קיין טוי, —
אומשטערבלעכקייט איז אין געשלעג זיי פאַרטרויט.

עס קרעכצן די וועלדער אַן אומעט אַרויס,
דער האַרבסט טוט די מעשענע פאַנצערס זיי אויס,
זיי זאָלן זיך נאַקעטע טאָן אַ צעגיי
אַף קראַמיסלעס גאָלדענע ברענגענג דעם שניי.
מיט שלאָפלאָזע אויגן אַריבער דעם וואַלד, —
אַף מייַרעוו-זייַט קוקט דער גוואַרדיי-גענעראַל.

עס שפרייט זיך אין רויך פאַר זייַן בליק דער מאַרשרוט
פון דעם אימפּעראַטאָר ב׳דרייַעקיקן הוט,
ער זעט אים געבויגן צום קאָפּ פונעם פערד,
פאַרלאָזנדיק איינזאַם די רוסישע ערד,
עס יאָגט זיך אַ ווינטע אים נאָך און אַ שניי
אָט דאָ אַפּנ וואָלאָקאָלאַמסקער שאָסיי.

פאַרוואַקסן די שראַמען, פאַרוויייעט דער רום.
עס ציִען די וועגן זיך ווייַט אַף אַרום,
פאַרגאַרטלען די רוסישע ערד אַזוי שטייַף;
נאָר אומגערן גיב זיי מיט פינגער אַ פייַף,
ווערט אופגיין אַף יעדן אין ליכט פון קאַיאָר
דער רום און דער ווייטעק פון הונדערטער יאָר.

דער הימל באַלייגט איז מיט רויך און מיט אַש,
עס לויפן כאַיאָלעס און פאַלן אין ראַש,
צעטראָטן פון פערד, אינעם שניי ביזן בויך...
נאָר ס׳גיט אַ דערטרינק זיך די זעונג אין רויך
פון דייַטשישע אַכציק דיוויזיעס אין פעלד,
וואָס גייען אַף מאָסקווע — באַהערשן די וועלט.

אָט ליגט עס, דאָס לאַנד, אין האַרבסטיקער פּראַכט —
ס׳האָט יעדער זייַן מי און זייַן בראָכע געבראַכט:
די טוווע — דאָס פעלד, און די ביימער — די פרוכט,
די שטאָט האָט דאָס כייַעל מיט שווערדן באַגורט,
און העלדן מיט מאַזל געבוירן אין לאַנד
האָט יעטווידע מאַמע און יעטווידער קאַנט.

אונ זיי איז דער צוטריט צו מאָסקווע פארטרויט.
ס'וועט זײַנ א געשלעגן! ס'וועט געפלעפט זײַנ דער טויט!
עס גיט זיכ א דונער א קויקל פארבײַ,
אונ בליצנ פארשפרעכנ א האָגל פונ בלײַ,
א וואָלקנ אינ דר'הייכ זיכ צעדרײַסט ווי א שוואנ —
פונווײַטנ באווײַזט זיכ א טאנק־קאראוואנ.

פארטראכט דענ אנ אָדלער אינ וואָלקנס זיכ לאנג,
ווענ ס'קריכט צו זײַנ נעסט א פארפעסטעטע שלאנג?
א זונ גיט זײַנ קראפט דענ א מעסט אונ א וועג,
ווענ ס'יאָגנ זיכ וועלפ נאָכ זײַנ מוטער אינ וועג?
אונ טראכט דענ פונ טויט א גווארדייער באם ראנד,
ווענ היטנ פארטרויט אימ דאָס הארצ איז פונ לאנד?

האָסט, ווינט, דאָ פארבלאָנדזשעט. ס'איז לײַכט דײַנ באריר,
די ערד גיב א קוש אונ פארנייג זיכ פאר איר,
דערפאר וואָס מיט זאפטנ מיט אירע האָט זי
געבוירנ אפ וווּנדער אזעלכע זינ.
געזעגענענ וועלנ זיי דאָ בא דעמ ראנד
זיכ בלויז מיטנ לעבנ, נאָר ניט מיטנ לאנד!

2

צעלייגט אפנ וועג — א געפאלענער פערד,
א טאנק פאָרט ארופ אפ אימ הילכיק אונ שווער —
מיט אופשריפט —Nach Moskau! אפ שטאָלענעמ בויכ,
הארמאטנ, ווי באק־ציינ, באדעקטע מיט רויכ.
ער קרעכצט אונ ער סאָפעט, די קייטנ אינ בלוט,
עס קריכט נאָכ אימ הינטנ א גאנצער מארשרוט.

די ביימער ער ברעכט אונ דעמ באָדנ ער בײַסט.
מיט ציילעמ אינ דר'הייכ זיכ א צווייטער באווײַזט,
א דריטער מיט בראָכ אונ א פערטער מיט רויב,
מיט סרייפעס באגלייטנ אימ דעכלעכ פונ שטרוי.
ער גרילצט אונ ער דונערט מיט יעטווידנ שפאנ:
— ווו איז ערגעצ מאָסקווע? ווי ווײַט נאָכ פונדאנ?

א גאָלדענע וויגע אינ הארבסטיקנ רוימ
פונ קליאָנעווע בלעטער דעמ וועג זיי פארצוימט,

און הוילע בעריאָזעס, די ווײַסקײַט אנטבלויזט,
ווי צלאָמים מיט קאסקעס צעשטעלטע דורכויס,
און ס'טראָגט זיך א ווינט מיט געוואָי און געברום.
— צי איז ניט פארקישעפט די געגנט ארום?

דאָ רײַסט פון די ווײַטן א וואלד זיך ארויס,
דאָ גיט זיך א הייב אוּפ די ערד ווי א פויסט,
פון ערגעץ א בלישטש ווי א שווערד גיט א טײַך,
דעם צוג פון אנטקעגן א קרייץ איבערשטרײַכט,
און ס'טוישן זיך פלאכן פון עק ביז צו עק.
— צי בלאָנדזשעט מען ערגעץ אָט דאָ ניט אין וועג?

— די מאפּע! געשווינדער! סע שטימט. אקוראט!
קיין מאָסקווע דער וועג פון בערלין איז דאָ גראד —
דורך מאָרד און דורך רויב און דורך טיל און דורך טעל!
עס פּאָרט אין אן אייגענעם טאנק דער באפעל,
אין שווארצע קוואדראטן, פארזיגלט און הארב,
אפ לאסט-וואָגנס ברייטע באגלייט דער פארדארב:

מונדירן, שינעלן, אין ראנג, אקוראט,
— ווען וועט מען זיי אָנטאָן אפ מאָסקווער פאראד?
— ווען ווען ווען א בליאסקע די צײַלעמער טאָן?
א שארבן שוועבט דורך — אין בינאָקל פארטאָן,
ער קוקט דאָרט די לעכער זיך אויס פון דער פאָן,
נאָר ס'זעט זיך אינערגעץ דאָרט מאָסקווע ניט אָן!

א שניי און א ווינט אין דער ווײַט ביז צום זוים,
מע קוקט אפ די זייגערס: — וואָס דויערט אזוי?
עס פלאצן פון אומגעדולד פויקן אין וועג,
טראָמבאָנעס, ווי פריידיקס, צו ווינטן געשטרעקט,
ארומנעמענ זאָל מען, א בלאָז טאָן אין זיי.
נאָר ווינטיק פארשטאָפּט זיי די גאָרגלען דער שניי.

— ווו זײַנען די שווארצע מאזשאָרן פון מאָרד,
בא דעם אָבעליסק אפן „פלאס דע קאָנקאָרד"?
וואָס ווארטן די צײַלעמס, וואָס הײַעט די האק
פון בלוטיקע מארשן אין ווארשע און פראָג?

וואָס צינדט אינ שטוקארצנ ניט אָנ זיכ דער פלאמ
פונ טעמפלענ, געשענדעטע אינ ראָטערדאמ?—

— האָסט, שארבנ, פארבלאָנדזשעט. א קייווער דו דארפסט?
עס האָט אימ פארגרייט דיר דער רוסישער הארבסט
מיט שווערד פונ גווארדייער אפ בלענדיקנ שניי
אָט דאָ — בא דעמ וואָלאָקאָלאמסקער שאָסיי!
קוראנטנ פונ קרעמל מיט שטערנ אינ וואכ
דערמאָנענ דיר, שארבנ, א יעטווידע נאכט:

א זונ ווענ ס׳געבוירט די סאָוועטישע ערד,
געבוירט זי באגלײַכ פאר אימ אויכעט א שווערד,
אז דרייסט פאר זײַנ לאנד זאָל ער זײַנ אינ געשלעג,
ניט וויסנ זײַנ מוט אונ זײַנ קראפט זאָל קיינ ברעג!
אויב אומקומענ וועלנ זיי דאָ בא דעמ ראנד,
איז בלויז אפ די ביינער פונ פײַנט פונעמ לאנד!

געגאנגענ איז א שטילער, א זויבערער שניי...
דערמאָנט אינ דער היימ האָט זיכ עמעצ פונ זיי,
זיי האָבנ זיכ אויסגעזעצט ברייט אינ דעמ ריוו,
אונ איינער דערטראכט זײַנ געליבטער א בריוו...
ס׳האָט עפשער פארפעלט אימ א שיינער קאָנווערט,
נאָר ניט קיינ געוואג אינ זײַנ שלאכטיקער שווערד.

דעמ בריוו זײַנ געליבטער וועט ברענגענ דאָס לאנד.
עס וועט אימ איר אויסזינגענ דווירעסדיק־לאנג,
ווי בא א וואָקזאל אינ א הא בסטיקער נאכט
געגאנגענ מ׳איז זיגנ אונ פאלנ אינ שלאכט...
דעמ קאָפ צו דעמ ווינט גיט א נייג אָנ דער דעמב:
דער רומ פונ די זיידעס ניט זײַנ וועט פארשעמט!

3

גווארדייער — גיבוירימ פונ רוסישער ערד —
אינ צאָל אכט אונ צוואנציק, קיינ איינער ניט מער!
די העלמענ ווי קופּאָלנ רונד ארומ קעפּ,
שינעלנ ווי נעפּלענ פונ הארבסטיקנ סטעפּ,

געוויכטן — פארווינטיקט מיט צאָרן און מוט,
זיי האָבן אין וועג שוין פון לאנג ניט גערוט.

דאָס וואסער פון פליאגעס, פון טאשן — דאָס ברויט,
ס'טוט אויס זיך פון בראָנזענער וואָבלע די הויט,
און ווער אפ די קני, און ווער אפ א זוים, —
פארכליאנעטע הערצער פארכאפט מען אזוי,
זיי האָבן געענדיקט ניט לאנג א געשלעג,
א מאכנע זיי האָבן צעקלאפט אפן וועג.

געשמאק איז דער ביסן און לייַכט דאָס געמיט,
ווען ס'לייגט מיטן ברויט זיך א זיג אין דער מיט!
געווען איז די מאכנע אין זיבן מאָל מער,
און זיבן מאָל קלוג האָט באדארפט זייַן די שווערד!
נאָר קיינעם פון זיי ניט געווען איז נאָך קלאָר,
אז ס'שטייט ערשט דאָס סאמע דאָס גרויזאמע פאָר...

און אייַנער אין ריוו א דערמאָנט גיט זיך סטאם.
אז ווארעם זייַן דארף נאָך אין זייַן קאזאכסטאן;
א צווייטער איז לאנג ניט געווען שוין צוגאסט
בא זיך אין אאול אין די בערג פון קאווקאז;
נאָר ווו איז א היים נאָך אזא דען פאראַן,
ווי דאָ אינעם גראָבן, ווי דאָ בא דעם ראנד?!

גוירעלעס זיך שמעלצן מיט פייַער אזא
צעווישן אוקראַינער און רוס און קאזאך,
זיך נויקעם זייַן גייט פאר ווייַסרוס א גרוזין,
איין מאמע אפ העלדנמוט בענטשט זיי, די זין,
איין גוירל אפ אלעמען לייגט זיך ווי טוי —
עס זאָל זיי ניט קאָנען באזיגן דער טויט.

ס'רינט אויס צווישן צווייַגן פוןביימער דער טאָג.
געוואָי פון אליארם גיט באם הארצן א נאָג, —
די נאכט מיט אן אָנפלי א פינצטערן דראָט.
געוויס שטעלט א ריי זיך איצט אויס באם מעטראָ
פון מאמעס און קינדער, וואָס כאלעשן רו.
און ס'גיבן גווארדייער גיבוירים א ברום.

אין ווײַ און אין ווינט און אין גרויזאַמען רום
צעשפּרייט איז אין שלאַכטן דאָס לאַנד אַף אַרום.
נאָר מונטער דאָס האַרץ איז און לויטער דער בליק, —
ניט אָפּטרעטן וועט מען קיין טראָט אַף צוריק.
צוקאָפּנס איז מאָסקווע, געגורט מיט אַ שווערד,
און איינער, וואָס שלאָפט ניט קיין טאָג און קיין נאַכט,

וואָס טראָגט אין דער הייך צו דעם שפּיץ באַרג אַרויף
דעם גורל פון פעלקער דורך פלאַמיקן פּרווו,
ניט זײַן זאָל אײַנערגעץ דאָס פײַער פאַרזאַמט,
דער שטורעם זאָל זײַן, ווו ס'איז נייטיק, געצאַמט...
אין קרעמל, ווי נ'טורעם פון טאַנק, מיטן בליק
ער גרונטעוועט די אינטעגראַלן פון קריג.

אַ שנײַ גיט אַ לאָז זיך, אַ נישטער געשווינד,
דעם וועג וועט מיסטאָמע אים ווײַזן דער ווינט...
— צי קלאָגן בעריאָזעס אין דעמער פאַרטײַט?
— צי פליִען די פייגל אַוועק אין דער ווײַט?
געזעגנען און בענטשן גוואַרדייער באַם ראַנד
זיך אײַלן די וועלדער, די טײַכן באַנאַנד,

די האַרבסטיקע שטילקייט, פון ווינט דאָס געוויין.
ניט זײַן וועט געלעסטערט קיין איינציקער שטיין!
און ס'איז אַזוי פײַערלעך, גרויזאַם און גרינג,
כאָטש גיב אין דער נאַכט זיך אַזוי אַ צעזינג!
דער שנײַ לייגט אַ זויבערער שטיל זיך אַף זיי.
— פאַרוואָס ז'אַזוי לײַכט פאַר דיר שטאַרבן, ראַסיי?

גוואַרדייער גיבורים! שוין גרייט און פאַרטײַט,
זיי קוקן זיך אײַן פון דער טיף אין דער ווײַט:
אָט זײַנען די טאַנקען ניט ווײַט שוין פון ראַנד,
דערלאַנגען מע קאָן זיי, זיך דוכט, מיט דער האַנט,
און אַפּן געהער לויטן גרילצ פונעם שטאָל
געהיים ווערט באַרעכנט די גרויזאַמע צאָל.

נאָר ס'קערט אַ גוואַרדייער זיך אום פון דער וואַך:
— כ'האָב אויסגעציילט, אָדלערס, ס'איז ניט אַזאַ סאַך!

אזוי א שטיק צוואַנציק אינגאַנצן, ניט מער.
עס כאַפּט דאָ אַף יעדן א טאַנק אומגעפער, —
א טאַנק אַף א קריגער. איז גרייט זיך געמאַכט!
עס זעצן זי פאָר די גוואַרדייער, די שלאַכט!

## 4

דעם הימל אַף זיך, איבער טורעמס — אין דר׳הייך
פאַרוויקלט איז מאָסקווע אין פראָסטיקן רויך.
צופוסנס — א פאַנצער פון קופּערנעם זאַמד,
די גאַסן און פּלעצער — אין שטאָלנס פאַרצאַמט,
ווי נ׳דערנער-קרענץ הוילע ביז ווונד און ביז וויי.
דער מאָסקווע-טײַך גורט זי ווי א פאָרטופּיי.

זי שטייט ווי דער אָנהייב, זי שטייט ווי דער ראַנד...
קיין וועג אויסער איר איז אינערגעץ פאַראַן,
אַף דוירעס געלייגט איז איר יעטווידער שטיין,
יאָרהונדערטן הינטער א יעטווידן שטייען.
זײַן בראָך און פאַרגאַנג אין איר פלאַמיקן פּײַן
דערזען פונדערווײַטן וועט יעטווידער פײַנט.

פאַרווינטיקט און גרוי איז איר גרויזאַם געזיכט,
אין פון איר פאַרטונקלטקײַט שפּרודלט מיט ליכט,
מיט ליכט, וואָס דרינגט דורך אין די טיפן פון צײַט
און עפנט די וועגן דער צוקונפט פאַרטײַט,
מיט פלאַם פון אַכט-הונדערט-און-צוועלעפטן יאָר,
ווען אָפּגעברענט ס׳האָט דער פרעמדלענדישער יאָך.

אין אַלע פיר זײַטן מיט גראָבנס צעשפּרייט,
איז מאָסקווע צו שלאַכט און צו ווידערשטאַנד גרייט.
דער שטערן פון קרעמל אַף קאָפּ בא איר לײַכט,
אַזויווי בא דעם רויטנאַרמייער צוגלײַך.
און ס׳ווענדעט פון ווײַט זיך מיט צווײַגן דער דעמב:
— דער וואָלאָקאָלאַמסקער שאָסיי איז אין קלעם!

די טאַנקען ווי טורומנעס, — א ריי נאָך א ריי,
ס׳דערלאַנגט יעדער ווײַלע די ערד א געשריי;
דעם ערשטן קורגאַן און דעם ריוו — שוין פאַרבײַ.

דעם צווייטנ זיי קנעטנ און כראָמקענ און קײַענ,
פארריסנ די הערנער די שווארצע פונ קויט,
עס טרײַבט זיי דאָרט אָנ אפ די וועגנ דער טויט.

— ווו איז ערגעצ מאָסקווע? טווערסקאיא ווו איז?
א זאלפ גיט אינ שטאָלענעמ מויל זיכ א ריס.
— אווו איז דער קרעמל? אווו איז דער פלאצ?
צי האָט ניט דער שטאָלענער פאנצער געפלאצט?
א וואקל זיכ גיט דאָרט א טאנק אינ דער זײַט...
אינ גראָבנ אפ שטרוי — די גווארדייער פארטײַט.

ס'דערמאָנט אינ דער קינדהײַט פונ גראָבנ די שטרוי.
און טראָפנווײַז שטיל איר דאָס בלוט זיכ פארטרויט.
עס רײַסט זיכ דער ווי דורכ שינעלנ ארויס,
נאָר ס'ליגנ גווארדייער באמ גראָבנ אינ שויס,
זיי לייגנ מיט וווּנדנ זיכ צו צו דער ערד
און לײַכטער דער ווי, און פארשווונדנ ער ווערט.

ס'דרינגט דורכ יעדער טראָפנ צומ הארצנ פונ לאנד,
אָט ליגט עס אינ ווי — מיטנ מויל עס דערלאנג
א פלי גיב מיט דעמ אינ די ווײַטנ פאָרויס!
גיט איינער א ווענדע זיכ: — רוסלאנד איז גרויס,
נאָר אָפטרעטנ, ברידער, ניטאָ איז וווהינ...
פונ הינטנ איז מאָסקווע! אינ שניי און אינ ווינט,

פארלאָשנ דאָס ליכט, ווי אינ אויסשפיר פארטײַעט,
די שויבנ פארדעקט, נאָר זי קוקט אזוי ווײַט.
פארטונקלט איז מאָסקווע. א זשומ איז אינ רוימ,
ס'איז מעגלעכ א שפארבער אדורכ דעמ פארצוימ
און ברעכט דאָרט מיט פײַער, מיט טויט און מיט בלײַ,
און שטיקער ער רײַסט פונ איר מעכטיקנ לײַב.

א יעדער צעברעקלטער ציגל און שטיינ
רײַסט אופ זיכ מיט ווייטעק בא זיי אינ געביינ.
די ציגל זיי האָבנ געלייגט דאָ אליינ,
פאלאצנ געבויט, געקנאָטנ די ליימ,
דעמ מירמל געטאָקט פאר דעמ מאָסקווער מעטראָ
און גאסנ צערוקט דאָרטנ בריית און געראָמ,

ס'איז מאָסקווע אין יעדן גוואַרדייער פאַראַן,
וואָס האָט ווי אַ פעלדז זיך געשטעלט בא דעם ראַנד,
אין יעטווידן בוים און אין יעטווידן גראָז,
אין יעטווידן אָטעם פון ווינט און פון פראָסט,
אין יעטווידן טראָפּן פּרימאָרגיקן טוי,
און ס'האָט איבער זיי ניט צו זאָגן דער טויט.

און ס'גיט בא דעם גראָבן אַ לייג זיך דער ווינט —
ער וועט אַ שאָליעכ געטריי זיין אַצינד!
— דריי דורך זיך אין קרוינשטאָט! צום קרעמל פאַרגיי,
גיב איבער פון וואָלאָקאָלאַמסקער שאָסיי:
מיט לייב און מיט לעבן דעם פייַנט אין געשלעג
פאַרשטעלן גוואַרדייער קיין מאָסקווע דעם וועג!

5

אָ, הימלאַנד, געלייטערט אין פייַן פון געשלעג!
גיי איצטער אַרויס ווי אַ יאַם פונעם ברעג!
פאַרוף דיינע ווינטן און שטורעמס אַהער,
דעם פייַנט שווענק מיט פייַער אַראָפּ פון דער ערד!
זאָל גייען יעדער וועל ווי אַ באַרג אין דער הייך!
און גורט דיינע זין אָן מיט דרייסט און מיט קוי'ך!

אָ, הימלאַנד, געלייטערט אין רום און אין וויי!
פאַרקישעפּ מיט ברויז און מיט פייַער דעם שניי!
פאַרזאַמל די זילבער-געפּאַנצערטע פראָסט
און גלי ביז דעם גרונט אויס די בלוטיקע פעסט.
די ביקסן געפרעסט אין די הענט זיינעט שטייף,
די פינגער אין מויל און ס'דערהערט זיך אַ פייַף:

— גוואַרדייער גיבוירים! גראַנאַטן — דעם פייַנט!
און ס'האָט זיך אַן אופרייס מיט פייַער צעשייַנט,
אַ הייב געטאָן האָט זיך די ערד פון געדראַנג,
און ס'האָט זיך אין פייַער פאַרכלינעט אַ טאַנק,
אַ צווייטער מיט נאָזלאָך אָפּ לינקס און אָפּ רעכטס
אַ גראָב זיך געטאָן אין דער ערד מיט אַ קרעכצ.

און ווי פאַר אַן אָפּגרונט אַ בלינדער, אין שרעק
פאַרהייבט דאָרט אַ טאַנק זיינע קריכנדע זעג,

פֿאַרהײבט זיי אין ד'ר'הייך מיט בראָך-גראַגערײַ
און בראָקט זיך מיט ראש אין א צווייטן אַרײַן,
ער בראָקט אים אין קארק זיך אַרײַן מיטן קאָפּ,
און ס'שטעלט דער טאבון זיך דער שטאָלענער אָפּ

מיט גרילץ און מיט דונער: — פֿארהאלטן ווער האָט?
צוריק זיך קיין קערעווע און ווײַטער קיין טראָט!
צעגראָבן דער שליאך איז אין גריבער דורכויס,
זיי סאפּען, די מײַלער ארויסגעשטעקט בלויז, —
עס ווארגט זיי א פֿיבער, פֿארהריזנעט און מאט
זיי כאפּן דעם אָטעם דורך רער פֿון הארמאט!

מיט בלוט א פֿארשמיר האָט געטאָן זיך דער שניי
אַפּ שלאכטיקן וואָלאָקאָלאמסקער שאָסיי.
פֿון איינעם דאָרט פֿליט שוין די קאסקע אראָפּ,
אזוי ווי אַן אונטערגעשאָסענער ראָב.
די הענט אין דער לופֿט און דער קאָפּ — זיך א דריי:
— קיין מאָסקווע? דו אײַלסט זיך? צום מאָלצײַט? נו, גיי!

ס'האָט רוסלאנד פֿארפּוצט זיך מיט שנייען די ברוסט.
א שליטוועגס קיין מאָסקווע דיר האָט זיך פֿארגלוסט?
ווילקאָמענ! וואָס ביסטו פֿארפּאקט אין א טוך?
וואָס קאָרטשעסטו אײַן זיך? א קעלט נעמט דיך דורך?
וואָס האָסטו פֿארטראכט זיך? פֿארגעסן דעם וועג?
באם שארבן, וואָס צייכנט דײַן פּאָן, גיב א פֿרעג!

נו, וואָס האָסטו פּלוצים פֿארקוקט זיך? דו טראכסט?
באוווּנדערסט א טויטער דעם רוסישן הארבסט?
זיך עפּעס דערמאָנט, וואָס געבליבן ביסט שטיין?
א קייווער וועט זײַן דיר דאָ יעטווידער שטיין!
דיר זײַן א בעסאלמען וועט יעטווידער טאָל,
ווען ס'זאָלן די קישקעס דיר אויך זײַן פֿון שטאָל!

און ס'רײַסט זיך דער פֿלאמיקער צאָרן און האס:
— ווער האָט אײַך פֿארבעטן אהערצו צוגאסט?
זיי הירזשען, די גליבעס. זיי קריכן פֿאָרויס
און ברעכן דאָס שטאָלענע אינגעווייד אויס.

און ס׳פּלאַצט אַפּ אַ דריטן, אַ פּערטן די הויט,
און ס׳פּירט דאָרט דעם פּינקטלעכן כעזשבן דעם טויט.

— גוואַרדייער! אַ טרונק פאַר די טײַוולשע זין!
און ס׳האָבן אַ גיי געטאָן פלעשער בענזין
ווי ברען־פייגל בונטע פון נעסטן אַרויס
מיט פלאַמיקע פליגל פון בראַנד און פון ברויז.
זיי וואַרפן זיך גראָד און זיי נעמען געטרײַ
די טאַנקען אין בראַנדיקע אָרעמס אַרײַן

און פּלעכטן זיך איבער אין פּיבער און גרויל,
ביז ס׳פּאַלן כאַלאָשעס די טאַנקען פאַרקוילט.
עס נייען זיך פאַנצערס פאַנאַנדער אין בראָך,
זיי כאָרכלען און קאָרטשען זיך אײַן אַפּ אַן אָרט
ווי בופלאַקסן שוואַרצע, געפּענטעט אין פלאַם,
פון הינטן — אַ ריוו, און פון פאָרנט — אַ צאַם!

און איבערן גראָבן — אַ האָגל פון בלײַ.
אַ דונער רײַסט אוף זיך, אַ צווייטער — פאַרבײַ.
עס פיבערן הענט פאַרוווּנדעט, און העל
איז ס׳בלוט דורך גוואַרדייישן גרויען שינעל.
עס ליגן מיט דר׳ערד שוין געאָרעמטע דרײַ,
נאָר מונטער דאָס האַרץ און ס׳געווער איז געטרײַ!

6

צוקאָפּנס איז מאָסקווע, — געגורט מיט אַ שווערד,
און איינער, וואָס שלאָפט ניט קיין טעג און קיין נעכט.
ער איז אינעם גראָבן אינאיינעם מיט זיי,
מיט מוט זיי ער נערט און פאַרלינדערט דעם וויי,
עס לייגט זיך אַפּ דוסלאַנד אין אומעט דער שניי...
און אונטערגעבראָכן שוין נאָך זײַנע צווײ.

מיט פויסטן פאַרשטאַרטע אין לעצטן באַוועג,
מיט לײַבער פאַרקילטע, צעלייגט אַפּן וועג,
אַ קאָפּ צו אַ קאָפּ, — ניט פאַרלאָזט דאָס געווער,
פאַרשניטערהייט וועט מען אויך זײַן אַ שטער.
דעו׳ בלויז צווישן איינעם און צווייטן זיך מערט,
און שיטער די ריי די געשלאָסענע ווערט...

נאָר קײנער דעם טויט לאָזט ניט דורכגײן אהער.
זײ זײַנען שוין אכצן. געצײלטע. ניט מער.
מע זעט ניט, ווי בלוט פון די אַקסל זיך שפּאַרט,
ווי דוירעס פאַרגײיגן זיך שטיל פאַר דער שלאַכט,
מע זעט, ווי עס ליגן אין בראָכװאַרג פאַריווירט
שוין פערצן צעגלידערטע טאַנקען קאַפּויר.

די קײטן צעהריזעטע הענגען אַראָפּ,
די פּאַנצערס — צעלעכערט, די טורעמס — צעקלאַפּט.
פאַרפלאָנטערט אין כעזשבן — ניט גראָד און ניט אום —
זײ שטײען, די שטאָלענע גליבעס, פאַרשטומט,
אַזוי ווי אַ צווינטער פון שטאָלענעם בראָך.
נאָר ס׳גרילצן שוין נײַע, עס אײַלן שוין נאָך.

צעגלידערטע פערצן און — פערציק צו הילף!
און צען פון דעם בינטל גיבוירים — פאַרשטילט...
עס פעלן גראַנאַטן. זײ גײען צו ענד.
האָט אײנער צום צווייטן געטאָן זיך אַ ווענד:
— גוואַרדײיער! דאָס לעצטע פון זיך איצט מע מוז!
דרײַ טאַנקען אַנטקעגן אַף יעדן פון אונדז...

זײ קריכן אַרום. זײ באַלײגן דעם ראַנד.
אַרויסגײן פון גראָבן, גוואַרדײיער, באַנאַנד!
מיט לעצטע גראַנאַטן. דערנאָך — אונטער זײ!
פאַרשטעלן די טאַנקען דעם וועג מיט די צײַן!
ס׳וועט אויסקומען אָפּגעבן ס׳לעבן דעם לאַנד —
צעקושן זיך לאָמיר און געבן די האַנט!

און שטיל איז געוואָרן אַרום אַף אַ ווײַל,
מיט אויגן צו מאָסקווע געטאָן זיך אַן אײַל:
— אָט איז זי, די וועלט, נאָר די צײַט איז צו ענד...
איז האָט מען זיך שווײַגנד געגעבן די הענט,
געזיכטן פאַרווינטיקט מיט פּולווער און רויך, —
איז האָט מען צעקושט זיך אָן ווערטער אין דר׳הײך.

אַ וואָרף אַף אַנטקעגן דאָס טרײַע געווער:
— פאַר דיר, אונדזער הײמלאַנד און לײַבלעכע ערד!

געלייגט זיך אפֿ איר, געפּאַנצערט מיט מוט,
די לעצטע גראַנאַט און די לעצטע מינוט:
— ווערסט, מאָסקווע, אין האַרצן זי טראָגן, די שלאַכט...
נאָר ס'זײַנען שוין מער ניט פֿאַראַנען, ווי אַכט.

זיי האָבן אין כמאַרעס פֿון פֿײַער און רויך
אַ הייב זיך געטאָן אין דער גאַנצער הויך —
אַזעלכענע ריזן, געשטאַלט און געגליט,
אַ יעטווידער שאָס איז פֿון דוירעס אַ ליד,
שינעלן ווי פֿליגל צעשפּרייט אַפֿן ווינט,
אָן זיי ווערלן בערג זיך צעברעקלען אַצינד.

די העלמען — אין פֿײַער. די שטיוול — אין שניי.
אָט זײַנען זיי — די פֿונעם ערשטן פֿאַרזיי!
זאָל גאַפֿן די צײַט און זאָל וויסן דער טויט,
אַז זיי איז דאָס האַרץ פֿונעם היימלאַנד פֿאַרטרויט,
אַז ס'וועט קיין האַרמאַט און קיין שטערבלעך געווער
ניט אָפּרײַסן זיי פֿון דער לײַבלעכער ערד.

זיי גייען. עס שפּרייט זיך דאָס שלאַכטיקע פֿעלד.
און איינער דעם צווייטן יאָגט אָן ווי אַ וועל,
פּיסטוילן — געציילטע. זיי לייגן זיך קאַרג.
גיט איינער אַ וואָרף זיך אַ טאַנק אַפֿן קאַרק,
אַ צווייטן מיט אַקסל גיט איינער אַ הויב,
נ'מיט זיי דאָרט אײַנעם זיי פֿאַלן פֿאַרטויבט.

אַפֿ אייביק מע נעמט מיט דער ערד זיך אַרום
און שטיל איר די קראַפֿט און דעם מוט קערט מען אום
און שטיל זאָגט מען אָן איר: — צום קרעמל פֿאַרגיי,
גיב איבער פֿון וואָלאָקאָלאַמסקער שאָסיי,
אַז ביז ס'האָט דער אָטעם דער לעצטער געקלעקט,
זיך פֿאָרגעזעצט האָט — איינס־אַפֿ־איינס — דאָס געשלעג!

7

אַפֿ וועלעכן גראָז, וואָס וועט אויפֿגיין פֿון דר'ערד,
וועט יעטווידער טוי ניט פֿאַרגיין אין אַ טרער?
אַ וועלעכער שטיין, וואָס פֿאַרלייגט איז באַם וועג,
קיין איידעס ט'ניט זײַן פֿון גוואַרדייִש געשלעג?

צי וועלן עס וועלדער ניט אויסרוישן דען:
שוין טאנקען אפ יעדערן פאלן צו צען.

נאָר ס'גיט קעגן צען א גווארדייער א לויף
און פלעכט מיט די רויפן פון טאנק זיך צונויף.
ווער האָט דען געוויגן אין מאָס און אין צאָל
די קראפט פונעם לאנד און די בראָכע פון פאָלק?
די קייט מע צעהריזעט מיט לעצטן געדעכ.
— גווארדייער! ס'וועט מאָסקווע ניט ווערן פארשוועכט!

מיט טריט שוין מיט לעצטע, געציילטע צו ענד,
פארשטעלט מען דעם וועג מיט פארוואונדעטע הענט,
פארשטעלט מען די לײַבלעכע ערד אונטער בלײַ
שוין אויך מיטן אָטעם און אויך מיטן לײַב...
און ס'גייען שוין מער ניט ווי דרײַ אין דער ריי,
מיט זיי בלויז דער ווינט, און די צײַט, און דער שניי.

מיט זיי גייט די צײַט און די צוקונפט — מיט זיי
אפ וווּנדיקן וואָלאָקאָלאמסקער שאָסיי.
ניט מער ווי א רעגע — נאָר אייביק איז זי,
ווי אייביק דער רום איז פון שלאכטיקע זין!
עס ווענדעט צו זיי זיך דאָס בלוט אפן שניי,
נאָר ס'גיבן צו דר'ערד א פארנייג זיך נאָך צוויי,

א פאל אפן שניי, זיך א טוליע צו אים.
און ס'גיט א פארטרוי אין דער ווײַט זיך א שטים:
— אויב עמעץ וועט בלײַבן, דערמאָנען זאָל ער,
אניט איז דערציילן אליין וועט די ערד...
פאראן איז נאָך איינער פון צוואנציק און אכט!
מיט לעבן מע שיידט זיך, נאָר ניט מיט דער שלאכט!

אָט איז ער, דער לעצטער, אליין אפן ראנד...
דער שניי איז אין בלוט און דער הימל — אין בראנד.
ער לאָזט קעגן גאנצן טאבון זיך אין שלאכט,
און ס'גיט אפן האלדז דאָרט א פאל אים די נאכט
אזוי ווי א מאמע, אנטקעגן — די קייט
געפאנצערטע גליבעס אפ אים, — נאָר ער גייט!

די הענט אפ דער ברוסט און דער בליק אפן פײַנט,
א שטערן אין דר'הייך האָט זיך העלער צעשײַנט.

ער טראָגט זיך, דער גיבער, צעגליט און פאַרשנייט.
עס לעכערט אים דורך א פּיסטויל, און ער גייט,
א צווייטער זיך גיט אינעם לײַב אים א גראָב,
א דריטער און נאָך — נאָר ער שטעלט זיך ניט אָפּ.

ער גייט! עס איז זײַנע — די ערד און דער שניי,
און קיינעם ניט וועט ער ניט אָפּגעבן זיי.
עס דוכט, אז ער גייט שוין דאָ לאַנג אָט אזוי —
אריבער דעם ראַנד און אריבער דעם זוים,
דורך סריפּעס און שטורעמס, דורך ווינט און קאיאָר
פון טויזנט-אכט-הונדערט-און-צוועלעפטן יאָר.

א שטיבעלע בלאַנקט אינדערווײַטן פון ליים,
עס רופט אזוי טרויעריק אים איצט זײַן היים.
וווּ איז זי? ווו ניט? זי איז דאָ, זי איז דאָרט...
אוקראַינע, ווײַסרוסלאַנד און קרים און — זײַן דאָרף...
נאָר דאָרטן איז נאַכט, און די זון גייט ניט אויף,
פון דאָרטן זיך טראָגט א געוויין און א רוף.

ער גייט! א גוואַרדייער — אַליין קעגן שקוואַל.
ער גיט ווי א דעמב פון א דונער א פאַל
און גראָבט מיטן לײַב אין א טאַנק זיך אַרײַן...
אָט זײַנען זיי אלע — די שלאַכטיקע פרײַנט —
זיי זעצן זי פאָר, די גוואַרדייער, די שלאַכט,
דער וועג איז אפּ מײַרעוו! די קלעם איז צעשפּאַרט!

אָ, היימלאַנד, געטרײַע און לײַבלעכע ערד!
דו האָסט זיי געגעבן דײַן רומפולע שווערד
און שטיל זיי אין שלאַכט אין דער לעצטער באַגלייט
און שטיל זיך געזעגנט, נאָר ניט זיך צעשיידט!
אפּ אייביק פאַרקריצט אין זיכּאָרן בא זיך
א יעדערנס נאָמען און יעדנס געזיכט.

זיי זײַנען געגאַנגען אין דער אומשטערבלעכקײַט!
מיט ביקסן אין וואַך איז געשטאַנען די פרײַהײַט.
פאַרנייגט האָבן וועלדער און בערג זיך אַרום.
מיט זיי איז געגאַנגען דײַן שטאָלץ און דײַן רום,
און מאָסקווע צוקאָפּנס, געגורט מיט א שווערד,
און דער, וואָס ער שלאָפט ניט קיין טאָג און קיין נעכט.

★✦★



## באַלאַדע וועגן פינף

### 1

אין די געבערג שווינדלט א טאָפּאָל נאָך א טאָפּאָל,
פונקט ווי אין איבערלויף פאַרטײַעט אומבאמערקט.
זיי וועלן אָנקומען צו נאכט קיין סעוואסטאָפּאָל
מיט א יעדיִע פון דעם פרילינג אין די בערג.

א יעדעס גראָז, א יעדע ווײַנטרויבדיקע לאָזע,
א יעדער ווינט, א יעדע כוואליע פונעם יאם
שווערן דעם סוינע אין דער שטאָט ארײַן ניט לאָזן,
דעם וועג אים אויסבעטן מיט פײַער און מיט פלאם.

א יעדע סטעזשקע אין א נעץ וועט זיך פארוואנדלען,
א יעדער וועג — זיך ווי אן אָפּגרונט א צעכראסט.
— איז עפּעס הייליקער פון פאָלקס־צאָרן פאראן דען?
— איז עפּעס שטארקערס נאָך פאראנען דען פון האס?

זיי שנײַדן דורך פון דער באלאגערונג די קלעמער:
קיין צאם פאר פרילינג איז אינערגעץ ניט פאראן.
דער פײַנט פארפּירט פון די קאָלווירטן האָט די לעמער,
ער דעקט זיך צו מיט זיי באם פײַערדיקן ראנד

אפ צו באפאלן מיט אן אָנגריף מיט א נײַעם
די סעוואסטאָפּאָלער ניט-צוטריטלעכע שוועל.
ווו א באשטאנ, האָט ער צעאקערט שוין מיט בלײַ אים,
מיט שארבנס קינדערשע — פארזייעט ווו א פעלד.

מיט טאנקען־טשערעדעס ער רײַסט זיך איצט פארשטאָפּן
די הויכע בארג-נעסטן פון אָדלערדיקער פראכט;

געקומען זײַנען זײ צו נאכט קײן סעװאסטאָפּאָל
און די יעדיִע אים די גרויזאמע געבראכט.

זיך אויסגעצויגן אים אנטקעגן װי די סטרונעס
און אויסגערױשט אים — פון די צװײַגן ביזן שטאם:
— שעפּט דען דאָס פּרוכפּערדיקע ליכט זיך פון דער זון אויס?
— די טיפן טריקענען דען אויסעט אין דעם יאם?

איבער דער שטאָט האָבן זיך סרײפּעס װי שטורקאצן
געטוקט אין רוים מיט אופּרײַס און מיט קנאל.
און נאָך װי קײנמאָל ניט געבליט האָט די אקאציע,
און נאָך װי קײנמאָל האָט דער צװיט אירער געשטראלט.

2

די בערג מיט טוי זײַנען פּרימאָרגעדיק באטראָפּנט,
פארכאלעשט טרויערן די טאָלן — טיל און טעל —
— באפעל די װינטן זײ דערפרישן, סעװאסטאָפּאָל,
און דײַנע טאָפּאָלס זיך באװאָפענען — באפעל!

פארזאָרגטע בײגן צו דער ערד זיך שטיל די גערטנער
װי מיט געבעט — אז זײ פארהיטן זאָל די ערד
פון די פארלענדנדיקע שטורעמס אומגעהערטע
און פון דער פײַערדיק-פארניכטנדיקער שװערד.

מיט רויך מיט ביטערן פארצויגן איז דער הימל,
די װאָלקנס יאָגן זיך און לויפן ערגעץ אײַן:
— װוּ בלאָנדזשען אום ערגעץ די טשערעדעס די קרימער?
— װוּהין פארטריבן פון די בערג האָט זײ דער פײַנט?

צום דריטן מאָל ער לאָזט זיך שטורעמען די פעסטונג,
צום דריטן מאָל די באטאליאָנען דאָרט ער לאָזט —
און בא די בארג-הײלן פארבלײַבן זײ אף קעסט דאָרט,
ניט קײן פארדעקטע פון דער ערד און פון קײן גראָז.

דער הארבסט געלאָזט האָט אים אין װעלקונג זיך פארהילן,
מיט פרעסט דער װינטער האָט אין שנײען אים פארװיגט,
און שטראָמען בארגיקע, צעגאָסענע אין פרילינג,
האָבן פון הײלן אים ארויסגעשװענקט צוריק...

נאָר דרײַ מאָל טויט אין קרימער בערג איז ניט גענוג אים.
ער גײט ארום שוין איבער אײגענעם געבערג

צונויפגעוועלבטע און פארשטיינערטע הארוגים,
אונטערגעשניטענע פון שווארציאמיקן געווער,

און קוקט זיך אויס פון דאָרט א וועג קיין סעוואסטאָפּאָל,
מיט פאנצערס שטאָלענע זיך טאָן אהין א שפאר.
טאבונעס טאנקען יעדער ווייל ווערן פארטאָפּלט,
און יעדע ווײַלע ווערט פארטאָפּלט די געפאר.

נאָר אפן דער וואך איז די שווארציאמיקע פעכאָטע,
און יעדער בוים און יעדער שטיין איז אפן דער וואך.
דעם פײַנט פארהאלטן און ניט לאָזן אים קיין טראָט טאָן
האָט די מאטראָסן שטיל באפעלט דער קאָמיסאר.

3

איבער דער שטאָט שפרייטן זיך רייכעס פון אקאציע,
א יעדער שטיין געלײַטערט איז און העל.
פינעף מאטראָסן ווי די טאָפּאָלס האָבן גראָד זיך
געמאָלדן שטיל צום קאָמיסאר אפן באפעל.

אנטקעגן פײַנט האָבן זיי ערגעץ ניט געאנקערט.
עס ווייסט דער יאם וועגן באגעגענישן א סאך.
דעם וועג פארשטעלן פאר די גרויספנדיקע טאנקען
דעם קאָוועד אָנטרויען זאָל זיי דער קאָמיסאר.

אויב עס וועט נייטיק זײַן דאָס לעבן — איז דאָס לעבן!
ניט זײַן געשענדט וועט דער שווארציאמיקער בושלאט. —
איבער די בערג ארומגעקראָכן איז א נעבל,
דער יאם געבלעטערט האָט א בלאט דאָרט נאָך א בלאט,

ווי ער וואָלט אויפגעמישט די צײַטשריפט פון געשלעגן,
ווו די מאטראָסן די שווארציאמיקע מיט רום
האָבן באדעקט זײַנע ניט-צוטריטלעכע ברעגן
און זײַן אומבריגיקייט אפן ווײַטן — אומעטום.

נאָך ניט געשטילט האָבן פון כוואליעס זיך די פליעסקען,
עס טראָגט דער רויש זיך נאָך מיט שטורעם און מיט ווינט
פון איינס אפן איינס מיט סוינעס שווימענדיקע פעסטונגען,
וואָס אפן די גרונטן זיך געלייגט האָבן געשווינד.

געפּאַכט דער יאַם צו זיי פונוויַיטנ האָט מיט זעגלענ,
גלייַכ ווי מיט שמעטערלינגענ-פליגל, פונ זיַינ שויס.
ניט לאנג זיי האָבנ מיט זיַינ בלויקיַיט זיכ געזעגנט,
ניט לאנג געזעגנט זיכ זיי האָבנ מיט זיַינ ברויז,

און ווי געליבטע זיי געבראַכט אפ דער יאַבאָשע
און אפ קיינ אויגנבליק מיט זיי זיכ ניט געשיידט.
איז זאָל פארטרויט זיַינ אויכ דער פרווו זיי אָט אָ דאָ שוינ —
דעמ פיַינט באגעגענענ אינ שלאכט זיי זיַינענ גרייט.

און שטיל געדריקט האָט זיי די הענט דער קאָמיסאר דאָרט,
און שטיל געווינטשט דער קאָמיסאר האָט זיי דערפאָלג.
באגלייט דער יאַם האָט זיי מיט צאָרנדיקער צארטקיַיט,
באגלייט מיט ליבע און מיט שטאָלצ האָט זיי דאָס פאָלק.

4

א טראָג פונ יאַם האָט זיכ א מעוועדיקע טשאטע
געטאָנ אינ דר'הייכ און זיכ פארגאנגענ אפ דער וואכ.
און פינפ מאטראָסנ האָבנ אָנגעטאָנ גראנאטנ,
און פינפ מאטראָסנ זיכ געגרייט האָבנ אינ שלאכט.

ווי אפ א הוידלקע זיכ וויגנדיק אנטקעגנ
מיט פליגל זילבערנע זיי פאָכענ צו דעמ ברעג.
און פינפ מאטראָסנ זיכ מיט פריַינט האָבנ געזעגנט,
און פינפ מאטראָסנ זיַינענ איַילנדיק אוועק.

נאָכ לאנג געקריַיזט האָבנ די מעוועס דאָרט צוקאָפּנס,
נאָכ לאנג די פליגל אפ דער זונ האָבנ געשיַינט.
און פינפ מאטראָסנ זיַינענ אופגאנ אפ א סאָפּקע
און זיכ פארלייגט אפ צו באגעגענענ דעמ פיַינט.

דורכ נעפּל ברויזנדיק געקוקט אפ זיי דער יאַם האָט,
און אזא קלאָרקיַיט איז געגאנ פונ זיי אינ רוימ:
— שטעלט קעגנ שטורעמ זיכ דער וואלד דענ נאָר צוזאמענ?
— שלאָגט זיכ באזונדער דענ ניט יעדער איינער בוימ,

אז גאָר דער וואלד פונ דר'ערד ניט אויסגעפלאנצט זאָל ווערנ
און שטומ פארבראָכנ זיכ ניט וואלגערנ זאָל ער?
און פינפ מאטראָסנ — זאלבעפינפט ווי איינער — שווערנ
די זוניק-פרילינגדיקע פאָטערלעכע בערג,

די דופטיק-גאָלדענע, די ווײַנטרויבדיקע גערטנער,
די פרישע שטראָמענ, וואָס באַהויכנ זיי מיט טוי,
די שטאַלטנע טאָפּאָליעס די אומעטיק-פאַרקלערטע:
מיט לײַב אונ לעבנ ניט אדורכלאָזנ דעם טויט,

וואָס קריכט אַרום ווי די געפּאַנצערט-בלאָנדע אומפּלייט
אפ דער געהייליקטער, דער פּאָטערלעכער ערד,
אונ פונ די בערג א הויב טאָנ בליצנדיק אונ רומפול
אפ דויריי-דוירעס די שוואַרציאַמיק-שטאָלצע שווערד.

דער טשאַטיר־דאַג פונ זיכ געשטויסנ האָט דעם דעמער,
געריסנ וואָלקנס אפ איר לײַב האָט די יאַילאַ.
אונ פינפ מאַטראָסנ — זיכ א ריס פונ צווישנ קלעמער,
אונ ס'האָט א שפּאַר געטאָנ א שלאַקס-האָגל פונ פלאַם.

## 5

שטייט סעוואַסטאָפּאָל, א באַלאַגערטער, אינ פײַער,
געווענדט צו ווײַטנ צו די יאַמישע פּאָרויס;
א יעדער שטיינ לייגט זיכ צופוסנס אימ צושטײַער,
א יעדער בוימ פאַר אימ די צווײַגנ שטרעקט דאָרט אויס.

זיי דעקנ צו מיט פוכ מיט גרינעם זײַנע וווּנדנ,
אונ ווינטלעכ יאַמישע דאָרט לינדערנ זײַנ וויי, —
ער שטייט — א דורזיכטיקע וויזיע פונ וווּנדער,
אינ שלאַכט-לעגענדעס פונ פאַרצײַטנס נאָכ פאַרווייט.

דעם וואָי פונ שפּאַרבערס ניט ער הערט אונ ניט ער שפּירט דאָרט,
פונ די רויִנעס שטייט ניט צו צו אימ דער ברוכ.
עס דוכט — ער שווימט איבער די כוואַליעס פונ געשיכטע,
אונ ס'איז דער גוירל פאַר אימ אָפנ ווי א בוכ.

אונ א געלײַטערטער ער לײַנט אינ יעדנ שאָס אימ,
די ווײַטנ וויקלענ זיכ — אי פּײַעדיק, אי העל.
ער זעט די זיידעס פונ די העלדישע מאַטראָסנ,
וואָס שלאָגנ איצטער מיטנ פײַנט זיכ בא זײַנ שוועל

ניט מיט די צאָלנ פונ די פּאַנצערס אינ געלאָקער,
נאָר מיט דער קראַפט פונ טרײַשאַפט, האַרטער ווי גראַניט;
אונ ס'זײַנענ אָנגעפּילט די טאָפּאָליעס ווי לאָגלענ,
אונ ס'שוימיקט אויס פונ די אקאַציעס זיכ דער צוויט.

איבער זײַן קאָפּ טראָגן די שפּארבערס אום מיט בלײַ זיך
מיט אזא פײַערדיק-פארלענדנדיקן פּאָך.
זיי רײַסן שטיקער פון די אויסגעצערטע הײַזער
און ברעכןביימער. נאָר ער הערט אים ניט, דעם בראָך.

ער הערט די שווּע פון מאטראָסן. אָנגעלאָדן
א יעדער שאָס, ווי א געבאָט, קומט צו אים אָן:
— קיין טראָט ניט אָפּטרעטן צוריק ביז לעצטן אָטעם!
— זיך שלאָגן גרויזאם ביז דעם איינציקן פּאטראָן!

און פון דעם פרילינג אזא פריידיקער געוויר איז.
אין זײַנע פּראכטן ברענט אדורך זיך יעדער צאם.
ס'וועלן די בערג עס פארגעדענקען פאר די דוירעס,
און אין העקזאמעטערס וועט זינגען עס דער יאם.

6

דעם דריטן טאָג האלטן מאטראָסן שוין די סאָפּקע,
דעם דריטן טאָג רײַסט ניט פאנאנדער זיך די שלאכט.
צו סעוואסטאָפּאָל איז דער צוטריט א פארשטאָפּטער,
דער וועג דעם פײַנט צו סעוואסטאָפּאָל איז פארשפּארט.

דעם דריטן טאָג האלטן מאטראָסן אײַן די סאָפּקע.
ווי שווארצע כוואליעס קריכן טאנקען אפּ זיי אָן;
א יעדער שאָס עפּנט פאנאנדער זיי אן אָפּגרונט,
ווו נאָר א קלעטער זיי באוויַזן ערגעץ טאָן.

צום אָנהייב — זיבן. ס'יאָגן אָן זיי דאָרטן אכצן.
דער ערשטער קײַעט מיט די ציינ־קאסטנס א בוים;
דעם קוילנווארפער צוגעדריקט צום סאמע הארצן,
באשפּריצט מיט פלאם אים א מאטראָס ווי פון בראנדסבאָיט.

ער שטעלט זיך אָפּ אונטער א שירם פון רויך און פײַער
אף א געלענק מיט אזא גרילצנדיקן שלוכצ.
אין א קאָלאָנע ער ארויסגאנג איז אינדרויַיען.
דעם לאנגן וועג האָט א מאטראָס געמאכט אים קורצ,

מיט ערשטן שאָס באוויזן גלײַך אים דעם אראָפּגאנג.
א צווייטער ראנגלט זיך מיט קריכנדיקע דרײַ.
נאָר איין מאטראָס ליגט ווי א בוים שוין אף דער סאָפּקע
מיט א שינעל איבערגעדעקט געטרײַ.

ווי שווארצע בופלאקסן צעריײַצט זיך לאָזן גײַען,
קאפויר זיי שטעלן זיך, פארכלינעטע אין בלײַ,
מאטראָסן זעען ניט אין וויכער פון דעם פײַער
דאָס בלוט, וואָס שלענגלט זיך ווי ליענטעס אפן לײַב.

די ליפן — איבערגעבערענט, דאָרשטיק און צעטראסקעט.
אין אויגן — צאָרן, ווי אין שטורעם-ווינט דער יאם;
מע שטילט דעם דאָרשט זיך פון די אויסגעוועלבטע קאסקעס
און פון דעם אופגעפליגלט-שײַטערדיקן פלאם.

אָט א סנאריאד רײַסט אויס א פוס אײנעם מיטאמאָל,
נאָר פון געוועד רײַסט אים ניט קײנער אָפ אין שלאכט.
עס האָט דער קוילנווארפער אָפגעשטעלט זיך דעמאָלט,
ווען אָפגעשטעלט באם ריז האָט זיך דאָס הארץ.

7

דורך די בושלאטן טריפן בלוטיק-הייסע טראָפן,
די לײַבלעך, צוגעקלעפט צום לײַב, אדורכגעברענט;
צום לעצטן מאָל א קוק געטאָן אפ סעוואסטאָפאָל,
צום לעצטן מאָל געדריקט זיך ברידערלעך די הענט.

קײן קוילן האָט שוין קײנער מער געהאט דאָרט,
דער האלדז באם קוילנווארפער דאָרשטיק האָט געצאנקט.
איז אפ די רימענס אופגעהאנגען די גראנאטן
און זיך געלאָזט דאָרט — א מאטראָס קעגן א טאנק.

ארום דער סאָפקע א בעסאלמען איז געלעגן
פון שטאָל צעקריפלטן — דאָס אינגעווייד ארויס...
און אינדערשטיל האָבן מאטראָסן זיך געזעגנט,
און שטאָלץ דער ערשטער האָט א גיי געטאָן פאָרויס.

און זיך א וואָרף אונטערן טאנק מיט די גראנאטן,
ווי פון א פאלוב זיך אין יאם געטאָן א לאָז.
ס'זאָל, היימלאנד, נאָך א מאָל דאָס לעבן טאָן א פלאטער,
וואָלט עס געשענקט דיר דער שווארציאמיקער מאטראָס.

דעם וועג אים אָפגעטראָטן פאכעד האָט און אײמע,
געקושט די טריט זײַנע פון בארג האָט יעדער שטײן.
אים די קאָמאנדע דאָרט געגעבן האָט דאָס היימלאנד,
און מיט דעם טויט האָט ער קאָמאנדעוועט אלײן.

נאָך אים — דער צווייטער האָט א שליידער זיך געגעבן,
און, א געפּלאַצטער, זיך געטאָן פאַר אים א הויב —
די בערג זיך וואַרגן שוין מיט פייערדיקן נעבל,
די בערג — דערציטערט פונעם אויפרייס און פאַרטויבט.

און שוין דער לעצטער. ער געזעען האָט, ווי אַלע
האָבן אַף אומקום זיך געוואָרפן קעגן טויט.
פאַר זייער לעבן סאַליוטירט האָבן די קנאַלן
און אין די ווייטן ווי צוואָקס זיך פאַרטרויט.

און ווי א דונער, מיט גראַנאַטן רונד באַהאַנגען,
האָט ער א קוש געטאָן די אויסגעפּלאָנטע ערד.
— זאָלן אַף לייבער זיך פאַנאַנדערווייסן טאַנקען
און מיט די ביינער זיך דערוואַרגן, ווי מיט שווערד.

8

געטרייע בערג! פאַרקריצט עס פלאַמיק אַף די הייכן!
און זאָל עס לויכטן אין דעם אומענדלעכן רוים, —
זאָל עס די צוקונפט און די קינדס-קינדער דערגרייכן,
זאָל עס צעטראָגן יעדער שטיין און יעדער בוים.

פאַרזשאַווערט גליווערן די טאַנקען מיט די צייל׳עמס,
און די געבליבענע — צוריק זיינען אַוועק;
א יעדן דורכלויפיקן ווינטל זיי דערציילן
פון זייער בראָך בא סעוואַסטאָפּאָל אַפן וועג.

ס׳שטייט סעוואַסטאָפּאָל ווי א דורכזיכטיקע וויזיע,
געגורט מיט שלאַכטיקע לעגענדעס און באַוואַכט,
און בא דער סאָפּקע — די שוואַרציאַמעדיקע ריזן
רוען געאַרעמט מיט דעם הימלאַנד נאָך דער שלאַכט.

און א ניט-צוטריטלעכקייט שוועבט דאָרט א געהיימע.
ווי א מאַטראָסקע זעט די סאָפּקע אויס אין זאַמד.
עס היט די רו זייערע זאָרגעוודיק דאָס הימלאַנד.
ס׳פאַרוויגט פונווייטן מיט א וויג-ליד זיי דער יאַם.

אויך טויטערהייט וועלן דעם סוינע זיי ניט לאָזן,
גלייך ווי די זיידעס פון פאַרצייטנס, פון אַמאָל.
זיי האָבן אויסגעפּילט די שוווע ווי מאַטראָסן,
זיי האָבן אויסגעפּילט די שוווע פאַר דעם פאָלק.

עס גייען שטיל פארבײַ א טאָפּאָל נאָך א טאָפּאָל
פונקט ווי אין איבערלויף — פארטײַעט, אומבאמערקט;
זיי קומען זילבערנע ארײַן קיין סעוואסטאָפּאָל
מיט א יעדיע פון דעם פרילינג אין די בערג.

זיי שנײַדן דורך פון דער באלאגערונג די ראנדן —
ניטאָ אינערגעץ פאר דעם פרילינג איז קיין צאם,
— איז עפּעס הייליקער פון פאָלקס-צאָרן פאראן דען?
— איז עפּעס שטארקער נאָך פון ליבע דען פאראן?

דער סוינע רײַסט זיך — אי צופוסנס, אי צוקאָפּנס.
עס קרייצט זיך דורך פון בארג צו בארג די שיסערײַ —
נאָר מיטן לײַב ז'פארשטעלט דער וועג קיין סעוואסטאָפּאָל,
ס'וועט סעוואסטאָפּאָל — ווי דער יאם — זײַן פרײַ!





## באַלאַדע וועגן דעם קאָמיוגיסט גרעבעניקאָוו

דער פֿאַרטאָג האָט צעגאָסן זיך גלאַנציק
אַף די רויטיקע ראַנדן פֿון יאַם,
און די שיף איז געגאַנגען אַף קאָנסטאַנצע
זי פֿאַרפּלייצן מיט פֿייער און פֿלאַם,

זי פֿאַרפּלייצן מיט פּעך און מיט שוועבל,
ביז דעם גרונט זי צעאַקערן טיף;
ווי פֿון שלאָף האָט דאָס וואַסער געבלעבלט
מיט די מעכטיקע שרויפֿן פֿון שיף, —

זיי באַוויזן, ווו ס'לויערט אַ מינע
און ווו מײַדן ס'איז נייטיק געשווינד;
און די שיף האָט באַגלייט דער באַגינען,
ווי אַ מאַמע באַגלייט אַ קינד.

ס'האָט פֿון ערגעץ באַוועגט קיין ווינטל,
ניט פֿאַרפֿירט האָט קיין קלאַנג אין דער זײַט;
און די שיף איז געגאַנגען געשווינד דאָרט,
ס'זאָל איר שליכעס דערפֿילט זײַן באַצײַט,

ס'זאָל איר שליכעס דערפֿילט זײַן אינגאַנצן,
וואָס עס זאָל ניט געשען אַפֿן יאַם.
ניט געריכט האָט פֿאַרטאָג זיך קאָנסטאַנצע
צו געריכטן פֿון פֿייער און פֿלאַם.

צו פֿאַראַט זי מיט ראַכוועס צעשפּאַרט האָט
אירע קוואַלן פֿון נאַפֿט — ניט געזאַמט —
און באַטרונקענע די דײַטשישע שפּאַרבערס
אַף פֿאַרדאַרבונג מיט גיפֿט און מיט סאַם,

אפֿ האריגע און מאָרד אומגעהערטער,
אז קיין דאָרשט זאָל זיי פּלאָגן אין פֿלי,
און צו רוסישע שטעט און צו דערפֿער
זיי פֿארקירצן דעם וועג פֿון בערלין.

איז געגאנגען די שיפֿ מיט איר שליכעס,
ווי דער גורל אינמיטן דעם יאם.
צו די ברעגן דערנענטערט זיך גיכער
און געבראָכן א יעטווידן צאם.

ס'קומט א מעווע פֿון ווײַט זיך א גריס טאָן,
נאָר ס'באמערקט זי ניט קיינער אין וועג —
אפֿ דער שיפֿ זײַנען דאָ קאָמיוגיסטן,
זייער בליק ז'אפֿ דעם פֿײַנטלעכן ברעג,

זייער בליק צו די ווײַטן געווענדט איז,
ס'איז דער אָטעם פּארטײַעט און הייס;
ס'פֿלאפֿלען פֿרידלעך מאטראָסישע ליענטעס
וועגן גרויזאם-געפֿערלעכן רייס,

ס'מישן כוואליעס ווי בלאט זיך נאָך בלאט דאָרט,
יעדער רעגע זיך מעסט אפֿ דער מאָס.
ווי טשוהונ זעען אויס די בושלאטן,
אפֿן ווונק רעדט מאטראָס מיט מאטראָס.

ווער עס גיט א סיגנאל דאָרטן איבער,
ווער דעם כעזשבן עס פֿירט פֿון דער שלאכט, —
בא דעם קעסל — נ'א זײַט זיך פֿארקליבן
שטייט גרעבעניקאָוו — דער קאָטשעגאר.

הערט זיך צו, ווי דער אייל טריפֿט דורך רערלעך,
און דער דאמפֿ — ווי ער שטײַגט אין דער הויך;
טאָמער וואָס, טאָמער עפּעס געפֿערלעך,
זאָל קיין רעגע ניט דורכ אָן געברויך.

ער איז וווקסיק, גרעבעניקאָוו, בראָנזיק,
אומבאוועגלעך זיך דוכט זײַן געזיכט,
נאָר אנטפּלעקט, — ס'קאָן עס יעדערער אָנזען, —
ער האָט גאָרניט פּארטײַעט אין זיך —

ניט די גרעבלעכ-פארווינטיקטע צוגנ,
ניט דעמ כײנ, וואָס אנציקט אונ פארפאָלגט,
ניט דעמ שטאָלצ, וואָס ט'געשענקט דער קאָמיוג אימ,
ניט די קראפט, וואָס געשענקט ט'אימ דאָס פאָלק.

בא דעמ קעסל ער שטײט ווי א פאנצער,
זײַנ געזיכט צו דעמ יאמ איז אנטפלעקט.
אונ די שיפ איז געגאנ אפ קאָנסטאנצע,
אומפארמײַדלעכ געצויגנ צומ ברעג.

דאָרטנ קוקנ ווי קעפ פונ באָיארנ
רונדע טשאנענ מיט דיסקנ אינ דר'הויכ;
ס'וועט ניט ראטעווענ איצט זיי קײנ כמאוע,
אונ קײנ אויסקויפ איצט ווערט ניט געברויכט!

ס'וועט ניט בײַשטײנ די מאסקע פונ דיסקנ.
א קאָמאנדע דערהערט זיכ אזא:
— פארנ פאָטערלאנד! פלאמ, קאָמיוגיסטנ!
אונ דעמ ברעג האָט דערשיטערט א זאלפ.

ס'איז אינ צאָרנ בא יעדנ די האנט דאָרט,
שוינ צעהוליעט דער פלאמ זיכ אינ דר'הויכ;
אונ עס זעט שוינ די גאנצע קאָמאנדע,
ווי עס וואַרגט זיכ קאָנסטאנצע מיט רויכ.

פונ ארומ הײבנ בערג זיכ א קוק טאָנ,
ס'דוכט — זיי רײַסנ זיכ אויס פונעמ שטאמ;
אונ עס מעלדנ פונ שיפ רעפראָדוקטאָרס
די פרימאָרגיקע פלאכנ פונ יאמ:

ס'ברענענ העל אינ קאָנסטאנצע די באקנ,
ס'האָט דאָס פײַער קײנ אָפּהאלט שוינ מער;
ביזנ הימל דערגרייכט זייער פלאקער —
ס'איז דער וועג אימ אינערגעצ פארווערט!

אקוראט לײגט א יעדער סנאריאד זיכ,
יעדער אופרײַס אינ כמארעס זיכ טויכט —
ווי פונ גענעמ געלאָזטע שטורקאצנ
אפ א פלאמיקנ צוג אינ דער הויכ.

ס'וועט א נעסט פון שאקאלן צעשטערט זײַן,
זי דורך אש וועט פון ווײַט זײַן דערקענט;
און מיט פרייד גיסן אָן זיך די הערצער,
און מיט ברויז גיסן אָן זיך די הענט!

און א זאלפ נאָך א זאלפ — אין געיעגן,
און א ריס נאָך א ריס דונערט אוף;
ווי מיט בלעכיק-צעבויגענע נעגל
כאפן באקן זיך אָן פאר דער לופט.

און זיי ברעכן מיט קרעכצ זיך ארונטער,
צוגעדריקט און באזאָטלט פון פלאם.
ביז די טיפע דערשיטערטע גרונטן
פארגעדענקט עס אפ אייביק דער יאם.

אין פארניכטונג דעם סוינע דערקלערט זיך
דער געוואגטער פרימאָרגיקער רעיד.
פון הארמאטן די גאָרגלען — זיי לעכצן
אומגעדולדיק זיי ווארטן די ריי.

א פארמעסט פון א ריי מיט א ריי איז,
און צו ענדע די שלאכט איז שוין נאָנט;
נאָר עס רופן זיך צווי באטארייעס
פונעם ברעג פונעם פײַנטלעכן אָן.

און עס האָבן א גליטש אפ דער פאלוב
שטיקער בלײַ מיטאמאָל זיך געטאָן,
בא דעם באָרט גיט א שריפ זיך א כוואליע
פון דורך פײַער צעריסענעם שטאָל.

שוין א האָגל פון קוילן צעטאנצט זיך,
שוין ניט אויסצײלן זיי אין דער צאָל.
צו דער שיפ האָבן זיך פון קאָנסטאנצע
דרײַ עסמינצעס געלאָזט אפאמאָל.

ס'האָט די שיפ זיך א וואקל געגעבן,
אפ דער פאלובע — דער קאפיטאן —
און א קוק ארום זיך און — דערזעבן
די קאָמאנדע, פון אָרט ניט קיין שפאן.

די געפאר ווערט אלץ נעענטער און גרעסער,
יעדער רעגע — פון גורל געציילט;
און גרעבעניקאָוו שטייט בא דעם קעסל
הערט זיך איַין אין זיַין יעטווידן טייל.

א באדעקטער מיט שוויס, גראָבט זיך איַין ער
נ׳ווענטיליאטאָר, אין יעטווידער רער
מיט פארלאָפענע אויגן מיט זיַינע
פון דער הייצונג זעט דאָרטן ער,

ווי עס זעצט זיך דער דאמף אומדערווארט דאָרט,
ווי געפאר זיך צעלייגט אפ דער שיף.
ס׳איז קיין ציַיט ניט פאראן אפ צו טראכטן,
דאָך אן אומרו אין לייַב גיט א טריף:

— ס׳א געפאר! וואָס צו טראכטן ניטאָ איז!
איצט ווי קיינמאָל די ציַיט איז פון טאט!
ער זאָל נאָר דאָ ניט מאכן קיין טאָעס,
ער זאָל נאָר דאָ מיט אלץ... אקוראט.

און עס טראָגן זיך שנעל די עסמינצעס,
זיי פארגייען פון זיַיטן ארום.
נאָר א טרייסט אינעם הארצן צעגרינט זיך,
און ער גיט זיך א קוק אזוי אום

אין דער וויַיט: — ס׳איז אין פיַיער קאָנסטאנצע!
ס׳איז די אופגאבע אויסגעפילט גוט!
מ׳ווועט אהיים זיך נאָך אומקערן גאנצע,
צי דאָס איז שוין דער לעצטער מארשרוט?!..

— נו, גרעבעניקאָוו, שנעל גיב א גרייט זיך! —
ווענדט זיך זיַין קאָמאנדיר צו אים לייַכט: —
דו צעעפענען גלייַך ווּעסט די הייצונג
און די טריַיבלעך אדורכקוקן גלייַך!

אפ א רעגע ט׳דער יאם זיך פארטיַיעט,
און די כוואליעס — פארשלונגענע דעם קלאנג:
— איז דען עפעס פאראן פאר אים טיַיערס,
ווי די שיף, ווי דער יאם, ווי דאָס לאנד!?

איז גרעבעניקאָוו שטיל צו דער פּאלוב,
ווי צו זײַנ א געליבטערס הארצ
מיט זײַנ בראָנזענער באק צוגעפּאלנ
אונ דערפילט: — ס'האָט א טרײַבל געפּלאצט!

אימ אינ קעסל באוווסט יעדער שרויפּ איז,
אימ די היצ איז ווי קײנעמ באוווסט.
אונ די רעגעס אינ אומרו זײ לויפנ,
איז ארײַנגײנ אינ קעסל — מע מוז!

ער וועט פּרוווּנ צומ אָרט זיכ דערקלויבנ,
דאָס געפּלאצטע פּארטויבנ אונ — דאנ...
זאָל עס זײַנ קאָמאנדיר אימ דערלויבנ,
זאָל דערלויבנ אימ דער קאפּיטאנ!

מיט א ווונק זיכ די אויגנ בארירנ,
מיט א מוטיקנ דריק בא דער האנט, —
אונ דערפאָלג ווינטשעט דער קאָמאנדיר אימ,
א סיגנאל גיט אימ דער קאפּיטאנ.

נאָר גרעבעניקאָוו בלײַבט נאָכ א ווײַלע,
אפנ קאָפּ נעמט ער דורכ יעדער צעל
פונעמ קעסל... דעמ אינגעווייד... אײַליק,
נ'צו מאטראָסנ ער ווענדעט זיכ שנעל:

— ברענגט אהער דעמ אסבעסטענעמ אָנצוג!
אלצ איז דורכגעקלערט, פּינקטלעכ אונ קלאָר;
באמ צעפּאָכעטנ פלאמ פונ קאָנסטאנצע,
באמ צעגאָסענעמ ליכט פונ קאיאָר

האָט גרעבעניקאָוו שנעל אָנגעטאָנ זיכ
מיט דער הילפ פונ מאטראָסנ פונ צוויי.
ס'האָט א ווינטל געגעבנ א בלאָנדזשע
אונ א מעווע אינ דר'הייכ — זיכ א דריי.

אונ אָט לייגט אפ זײַנ קאָפּ שוינ א בינט זיכ,
שוינ דאָס בראָנזענע פּאָנעמ פארדעקט —
ס'זעט גרעבעניקאָוו בלויז די עסמינצעס
אונ דעמ ווײַטנ, דעמ לײַבלעכנ ברעג.

ס׳גיסן אָן זיך מיט מוט זײַנע טריט אים.
— דאָס געצײַג! און קיין רעגע ניט מער!
ער איז גרייט. און אין קעסל צעגליטן,
ווי אין גענעם אַרײַנגאַנג איז ער.

און אַ וואַלגער אָפּ אים האָט געטאָן זיך
די דערשטיקנדע היץ און דער בראַנד;
אָפּן בויך אין דער פינצטער ער בלאָנדזשעט,
נאָר ער האַלט שוין די רער אין דער האַנט.

ער דערפילט, ווי די האָר זײַנע טראַסקען,
און די היץ ווי אַ באַרג אויף אים קריכט;
אָט דאָ איז עס, דאָס אָרט דאָס געפּלאַצטע, —
ער וועט גלײַך עס פאַרטויבן... אָפּגיך...

נאָר די היץ גיט אַ קײַקל מיט קאַס זיך
אויף זײַן גאָרגל, אַ וואָרף — מיט׳אַמאָל...
ס׳הערט זײַן קאָל ווי פון גענעם זיך: — וואַ־ער!
און אין רויש ווערט דערטרונקען זײַן קאָל.

אַלע ווײַל שטרעקט דעם קאָפּ ער נאָך אָטעם
און צוריק צו דער רער זיך אַ לאָז.
פון דער פאַלוב באַגאָסן עס האָט אים
מיט דערפרישנדן שטראָם אַ מאַטראָס.

נאָר דאָס וואַסער האָט גלײַך אויפגעזאָטן
און זיך בליץ-שנעל פאַרוואַנדלט אין דאַמף, —
מיט דער היץ פונעם גענעם באַטראָטן,
דער מאַטראָס דאַרף געווינען דעם קאַמף!

ס׳ווייסט גרעבעניקאָוו איינס — אַז פאַרזאַמען
הייסט — דער גרונט פונעם יאַם פאַר דער שיף!
איז מיט קויכעס מיט לעצטע — דעם האַמער
אין דער דאַמפּיקער גליִענדער טיף.

ער געײַלט האָט, די אָנמאַכט — געטריבן
און געשטויסן די היץ פון זיך שווער.
אַ מינוט... און צוויי... און זיבן...
און — באַשטאַט איז ווידער די רער!

ס'גיט די היץ שוין צולעצט דאָרט א פּרעס אים,
און דער דאַמפּ גיט צולעצט אים א שטויס —
דורך דעם גאָרגל פון גלוטיקן קעסל
איז גרעבעניקאָוו זיגרײַך ארויס!

ס'האָט די שיף זיך א גלײַך געטאָן ווידער
און פאַנאַנדערגעשפּרייט זיך צו שלאכט.
און גרעבעניקאָוו האָט, אזא מידער,
זיך א וואקל געגעבן אָן מאכט.

ער האָט גאָרניט געזען פאַר די אויגן,
ווי ס'האָט יעדער מאטראָס אים באגריסט;
ס'האָבן ליפּן אין ווײ זיך באַוויגן,
ער געשטאַנען איז קוים אף די פיס.

אונטער הייסן אסבעסטענעם אָנצוג
א צעשפּיליע געגעבן דעם הוק
און א פּרווו — צי געבליבן דאָרט גאנץ איז
דער בילעט פון געטרײַען קאָמיוג.

נ'מיט געזעצטן, פאַרענדערטן קאָל דאָרט,
מער ניט שפּירנד אין פוס קיין געשטעל, —
האָט גרעבעניקאָוו מורמלענד געמאָלדן: —
— אויסגעפּילט, קאָמאַנדיר, דעם באַפעל!

און די שיף האָט פאַנאַנדערגעשפּאַנט זיך
און מיט זאַלפּן באַפרײַט זיך דעם וועג.
אין דער ווײַט האָט געפלאַקערט קאָנסטאַנצע
און געוואַרט האָט דער לײַבלעכער ברעג.





# טריפטיך

## 1

די מאמע וויינט. זי זיצט באַם פענצטער נעבן סאמע עק
און קוקט אין ווײַטן שנייִיקן געוויטער: —
אהין, אהין, ווי אַפ א כאַסענע איז ער אוועק,
אין דאָרף האָבן די ווײַנשלביימער פונקט געבליט דאַן...

א טשאטע פייגל שטאָלענע אין הימל פליט,
זי קוקט מיט אויגן, דורכגענעפּלטע פון טרערן.
געטרונקענע האָבן דעמלט זיך אין ווײַסן בליט
דער העלם זײַנער דער גרינער און דער רויטער שטערן...

זײַן פּאָנעם פּאָרשטעלן באַמיט זי זיך מיט ווײ,
זײַן קאָל באַמיט זיך איינדערשטיל זי צו דערהערן,
און אַפ די עקן פון איר שאלכל נידערן אליין
דורך איר פאַרשלאָסן מויל אראָפּ די טרערן...

פאַרוווּנדעטע איז אין שלאכט ער זיבן מאָל געווען,
און זיבן מאָל האָט זיך באַ איר אליין דאָס לײַב געריסן,
דעם בליק זי גיט א פיר איבער די ווענט, —
צי ביט אָט דאָ ערגעץ דערנעבן איז ער?!..

די שכיינים זאָגן אלע אין איין קאָל,
אז ס׳שעמט מיט אים דאָס לאנד. אזא מין טויט קעדײַ איז!..
נו, יאָ... ער האָט געהאַט א האַרץ פון גאָלד
און קינדער ליב געהאַט האָט ער דאָס כײַעס...

איר זון... איר מאזל... און איר ווײ...
אין פלאַם, ווי קינדווײַז אפּן בוים, געקלעטערט;

ער וועט שוינ קיינמאָל מער ניט אָנקלאפּנ אהיימ,
אונ אופוועקנ פארפרי ניט הייסנ קיינמאָל זיכ שוינ וועט ער...

אליינ, זאָגט מענ, איז ער ארופגעשפּרונגענ אפ א טאנק
אונ מיט דער ביקס זיי אלעמענ דאָרט דורכגעבויערט:
— ווי נעמט זיכ צו א מענטשנ אזא גאנג?
— ווי נעמט זיכ צו א מענטשנ אזא קויעכ?

אזעלכע פרעסט... אזא מינ קעלט...
ניט אָפּגעגאנגענ, זאָגט מענ, איז ער ביז צו ענדע...
ער וואָלט פונ זיי דאָכ אלעמענ געמאכט א טעל,
אונ מער קיינ אומגליק אפ דער וועלט וואָלט ניט געוועג דאָכ...

זיינ פּאָנעמ פאָרשטעלנ זי פּרווט זיכ אינ געדאנק,
זיינ אויסזעג אינ דעמ גרינעמ העלמ אונ אינעמ רויטנ שטערנ,
ווי מיט דער ביקס ער שטייט — א גיבער אפנ טאנק,
נאָר פונ די אויגנ נידערנ אינ שאלעכל אראָפּ די טרערנ

אונ ברענענ איר ווי קוילנ דורכ דאָס הארצ,
אונ ס'רייסט פונ הארצ ארויס זיכ: — גאָט אינ הימל!
פונ פאָלק האָט צוגעשיקט א בריוו דער קאָמיסאר,
אז מיט א זונ אזא וועט זיכ דאָס גאנצע לאנד בארימענ...

די טרייסט גיט ערגעצ אינ דער ווייט זי א פארטראָג,
נאָר ווידער גיט איר קאָפּ זיכ שטיל א בייג אָנ:
— וואָלט זי כאָטש וויסנ, וואָס אזוינס האָט ער געזאָגט
פאר דעמ, ווי ס'האָבנ זיכ פארמאכט אפ אייביק זיינע אויגנ?

זי הייבט זיכ אופ אונ גייט צומ שראנק.
וואָס דארפ זי דאָרט? זי ווייסט אליינ ניט.
זי שטייט אונ קוקט אונ גראָבט דעמ קאָפּ אריינ
אונ עפּעס מורמלט זי, נאָר ס'הערנ זיכ געוויינענ...

2

די שוועסטער קלייבט פאנאנדער זיינע בריוו,
א יעדער שורע קלעמט צונויפ דאָס מויל איר,
זי האלט א סאָד בא זיכ אינ הארצנ טיפ,
וואָס פאר דער שטוב איז ער דערווייליע נאָכ פארהוילנ.

אדורכגעטראכט בא איר איז דאָס שוינ לאנג, —
די מאמע טאָר פונ דעמ זינד ניט הערנ, —

ניטאָ פאר איר קײנ העכערער פארלאנג
אונ ניט פאראנ פאר איר קײנ שענערע באגערנ.

זי גיט דעמ בליק איבער דער שטוב א פיר,
מיט אימ װי עפּעס אויסנ פאר דער מאמענ איז זי.
אָט שרײַבט ער פונעמ פראָנט, פונעמ בלינדאזש, צו איר:
„װאָס פאר א גליק, מײַנ שװעסטערקע, זאָלסט װיסנ,

זיכ דורכדראפּענ באמ דײַטש אונטער דער סאמע נאָז,
אראָפּנעמענ די װאכ. א קוק אהער, אהינ נאָר —
אונ ס'איז באנאכט, אונ ס'איז אזא מינ פראָסט,
װאָס נאָר בא אונדז אינ רוסלאנד קאָנ מענ זיכ פארגינענ.

אהינ, אהער — אונ ביזנ האלדז אינ שניי...
זיכ ביז באגינענ אומקערנ — ניט בלאָנקענ.
אונ קײנער האָט דיכ ניט באמערקט פונ זײ,
אונ ניט געװארט האָט קײנער אפ אנ אָנגריפ.

אונ נאָכ א יישעװל אונ נאָכ א דאָרפ
ארויסרײַסנ צוריק בא די פארדאמטע פאראזיטנ,
כאָטש הוילע װענט פונ סרײפעס טרעפסטו דאָרט,
אונ קינדער האלב-פארפרוירענע צעזײט אינמיטנ...

אונ נעמסט ארופ א פּאָרל אפ דער האנט,
א ביסל װארעמקײַט דו גיסט זײ צו דערפילנ,
פארגעסט, אז גײנ איז נאָכ א װעג אזא פאראנ,
אונ זאָגסט פונ שלאָפ זיכ אָפּ אפילע".

איר דאכט, — זי זעט אימ גײנ מיט קינדער אפ די הענט,
אָט דאָרטנ אפנ פראָנט צװישנ טאָרטשענדיקע טרויבנ.
אונ רו אימ לײגנ פאָר פונ שטיבעלעכ די הוילע װענט,
אונ יעדעס פענצטערל — דעמ װײ פארטרויט אימ.

דאָס האָט דאָכ ער זײ אויסגעריסנ בא דעמ טויט,
זײ האָט באמ סוינע ער דאָכ אָפּגעשלאָגנ —
א בוימ נאָכ בוימ, א פּלויט נאָכ פלויט,
אלײנ — פּאָרויס אונטער א פײַערדיקנ האָגל!

זי לײגט דעמ בריװ װי א געבאָט צו מויל צו אירנ צו,
די עורעס בריִענ זי װי פלאמענ פונ א שײַטער,

די אנגלען גיבן זיך בא איר א צוק,
און אז די מאַמע וויינט, דערזעט זי פונדערווײַטן...

זי ווייסט, אז דאָרט, ווו ער געפאלן איז פון סוינעס האנט,
פארבלײַבן ווײַנשל איצט און ס'זײַנען דײַטשן שוין ניטאָ מער,
אז ס'האָבן אים כאווײרים אַף די הענט געטראָגן פונעם ראנד
און אז דאָס לעצטע וואָרט זײַנס איז געווען: — נעקאָמע!

און זי וועט אויכעט אויסמילן אצינדערט גיין
ווי א צוואָע זײַן פארלאנג, וואָס לאָזט אין גאנצן לאנד זיך הערן:
מע דארף עס נאָך דער מאמען געבן צו פארשטיין,
מע דארף עס נאָך דער מאמען גוט דערקלערן...

3

דער פאָטער קוקט זיך לאנג ארײַן אין זײַן פאָרטרעט,
די צוגן זײַנען שטרענג ווי קסאוו פון א צוואָע.
דאָס קאלטע גלאָז פון רעמעלע ער גלעט,
און ער פארשטעכט די האנט אין די פאָר צווײַגלעך כוואָיע,

וואָס צארט מיט זיי באצירט האָט דעם פאָרטרעט
די זאָרגנפוליקע שוועסטער נאָך אין אָנהייב ווינטער;
אים דוכט, אז מיט א לעבעדיקן דאָ ער רעדט,
נאָר ערגעץ אלע ווײַלע אין דער ווײַט פארשווינדט ער...

ער ווישט ארום דעם שטויב, וואָס ניט מע זעט,
און זיך אליין באמערקט ער דאָרט ווי אין א שפּיגל.
און אָפּטיילן איז אזוי שווער אינעם פאָרטרעט,
ווו איינער איז אין אנדערן ארײַנגעזיגלט...

ער טראכט, און קוים וואָס דער פארשטאנד אים פאָלגט,
צי האָט מען ווירקלעך פון זײַן זון אזוי געשריבן:
אז ניט פארגעסן קיינמאָל וועט אין אים דאָס פאָלק
און אז זײַן נאָמען וועט דערמאָנט ווערן מיט ליבע.

און שווער איז אים צו כאפּן מיטן בליק:
אין דר'היים איז ער געווען, ווי אלע, אים דערמאָנט זיך.
ס'ווײַזט אויס, אז דאָרט אין פײַער אַף דעם קריג
איז ווערט דער מענטש אן אנדערער אינגאנצן...

אָט ערשט ניט לאנג ט'ער אים געהאַלטן אַפּ די הענט — א קינד,
ווי ס'היפּערן זיך ענגל די יאָרן איבער,
און ליב באַקומט ער אים פונסנײַ אצינד,
אזוי ווי ס'גאנצע לאנד האָט איצטער ליב אים.

און עפּעס וויכטיקער די מוטער זעט אים אויס,
און עפּעס זוכן הייבט ער אָן שוין אין דער מאָכטער.
אים דוכט — ער לײַכט פון אלעמען פון זיי ארויס,
ווי אין פּאָרטרעט — מיט אים איז ער אדורכגעפלאָכטן.

אים דוכט — זיי אלע לײַכטן זיך פון אים ארויס,
מאכשאָוועס יאָגן אַפּ אים אָן זיך אײַליק,
און אַפּ דער וואנט דאָס בילד פונקט ווי א זייגער גלײַכט ער אויס,
וואָס האָט זיך פלוצעם אָפּגעשטעלט א ווײַלע...

ער כאַפּט א קוק פון הינטערווײַלעכס צו דער שויב,
ווו ס'זיצט די מוטער א פאַרזאָרגטע און א טריבע,
און גיט איר צארט א זאָג: — געָנוג נו, שוין...
דאנק גאָט!.. א זון, וואָס נעמט די וועלט זיך מיט אים איבער!..

און ווישט א טרער זיך אָפּ אליין
פון זײַנע אלטע אויסגעקנייטשטע ברעמען,
און נעמט די בלאַט, און גיט א לייען:
דעם זונס און זײַנער —ביידנס נעמען...

אַפּ וועמען אָנשפּארן דאָס לאנד זיך האָט,
און אָנשפּארן אַפּ וועמען האָט זיך אויך א טאַטע:
— אזעלכע זין!.. א קלייניקײַט? איז דאנקען גאָט!
וואָלט ער כאָטש נאָך איינעם אזא געהאַט דאָ...

און נאָכאמאָל א קוק צום פענצטער בײַ דעם עק,
ווו ס'זיצט די מוטער שטיל, אין פײַן פאַרהריזנעט:
— און טאָמער וואָס, ווער מען אליין אוועק
פאַרענדיקן, וואָס ער, דער זון, האָט ניט באַוויזן!..





## אין אָקופּירטן דאָרף

איבער די הויפן טראָגט דער אומעט פונעם שניי זיך,
ער קלאפּט אין שטיבעלעך — אין יעדעס לויט דער ריי, —
אַז אָפּן שניי וואַלגערן מענגעסוויַיז זיך מייסים
פון אַ צעקלאַפּטער דייַטשישער אַרמיי.

דעם וועג באַנאַכט פאַרוויגט אַ בלינדע זאַווערוכע,
די שטיבלעך וועקט אַ בלאָנדזשענדיקער קנאַל.
מיט צלאָמים דריַי, אין בלוט פאַרפליוכעט,
שנייַדט דורך דאָס דאָרף אַ דייַטשער גענעראַל.

אַ וויַיסער צווינטער האָט זיך אויפגעהויבן פּראָסטיק —
פאַרשנייטע בערג מיט קאַסקעס לויטן ראַנג;
ער האָט געציַילט, דער גענעראַל, קיין מאָסקווע,
ער האָט געציַילט, דער גענעראַל, אויף אַ פּאַראַד!

אין הימל טיף — די שטערן טוקן זיך און צאַנקען,
און אויף דער פּראָסטיק-דורכגעשמידטער ערד
האָט אַ סאָלדאַט געפירט אַ פּאַרטיזאַנקע
צום גענעראַל אין שטאַב אויף אַ פערדהער.

— איז וויפל זיַינען זיי און וווּ, די פּאַרטיזאַנער? —
די פּאַרטיזאַנקע גיט אַ פרעג דער גענעראַל.
די פּאַרטיזאַנקע ענטפערט רויִק אים: — זיי זיַינען
פונקט ווי די שטערן, אומעטום און איבעראַל!

אין דאָרף די קוימענעס ווי גאָרגלען צו דעם קוילן,
אין דאָרף — אַ טליִע ווי אַן אַרקע פאַרן טויט.
די פּאַרטיזאַנקע האָט ער אויפהענגען באַפוילן,
באַפוילן אויסקריצן אַ שטערן אויף איר הויט!

צו דער פארפאנצערטער ניט-צוטריטלעכער מאָסקווע
זײַן בליק האָט בלאָנדזשענדיק געגעבן נאָך א לאָפּ,
און אָפּפירן אפ רו האָט ער געלאָזט זיך
און שפּײַז פארגרייטנ פארן שלאָפּ.

דער ווינט פארגלעט די אויסגעשנייטע וועגן.
א שטיקל אײַז פון שפּיץ בעריאָזע גיט א פאל...
נאָר עפּעס שלאָפט זיך ניט אפ שטרויענעם געלעגער
אינ דאָרף אינ רוסישן דעמ דײַטשן גענעראל.

ער ליגט פארהילט, דער גענעראל, אינ זיבן דעקן,
און ווי א קראנצ באשײַנט זײַן קאָפּ א ווייכע שאל;
— צי ס׳איז דער ווינט, צי מ׳איז געקומען פלוצעמ וועקן
אינ דאָרף אינ רוסישן דעמ דײַטשן גענעראל?

אינ קאלטן שווייס באמיט ער זיך דערמאָנען
אפ בעט אפ שטרויענעמ, דער דײַטשער גענעראל, —
זי האָט געזאָגט, די פארטיזאנקע: — פארטיזאנער
זײַנען ווי שטערן, אומעטום און איבעראל!

— ניין, ס׳איז דער ווינט! — גיט ער א הוסט אן אופגעשײַנטער,
פון ווײַט דערוואָרגענער זיך טראָגט א טויטע רו.
דער בייזער פראָסט בלויז שלאָפּגעטראנק גיט אײַן דאָרט
בא דער קאליטקע דעמ פארפרוירענעמ פאטרול.

אינ דאָרף איז שטיל. ס׳באגלייט דאָרט קיינעמ ניט דער מוילעד,
פון שליטנס הערט אינערגעצ זיך קיין סקריפּ.
בלויז אפ דער טליִע סקריפּענדיק זיך הוידעט
די פארטיזאנקע — שמייכלענדיק און טריב.

זי קוקט, א הענגענדיקע, ווײַט צו די בעריאָזעס: —
דאָס איז איר דאָרף, איר היימ, איר לאנד...
פון אונטער שניי טראָגט זיך צו איר דער שאָרכ פון גראָזן,
פון טריבן וואלד — דאָס פארטיזאנישע געזאנג.

זי הערט זיי גוט. דאָס גאנצע פאָטערלאנד זיי וועקן.
זי הערט די טריט. פאר זיי גיט אלצ זיך א צעפראל;
זי הערט, ווי ס׳שלאָפט זיך ניט אפ שטרויענעמ געלעגער
אינ דאָרף אינ רוסישן דעמ דײַטשן גענעראל.

ער האָט זיך אָנגעפּרעסט, דאַכט זיך, אַזוי ווײַט שוין,
אַז צו דעם האַלדז גייט אַלע ווײַל אים צו די שפּײַז;
דורך פענצטער קוקט אַף אים דאָס צווינטערדיקע דײַטשלאַנד,
און עפּעס פּרעסט אים דאָ און מאָרדעוועט און בײַסט.

ער זעצט זיך אויף, האַלב-נאַקעט, מיט זײַן שאָטן,
און קראַצט דאָס לײַב מיט פיר צעקרימטע הענט;
אין שנײַ די לאַנדסלײַט זײַנע ליגן דאָ צעשאָטן,
מיט בליק פאַרפרוירענעם צו מיזרעך-צו געווענדט.

— ווער האָט אַף שטרויענעם געלעגער אים פאַראַנקערט?
ער אײַלט אַף מאָסקווע! — גייט אַ גלי אין אים די גאַל;
די פאַרטיזאַנקע ניט באַצווונגענע האָבן דײַטשלאַנדס טאַנקען,
און דאָ אַ לויז באַצווינגט אַ דײַטשן גענעראַל!

מיט איר פאַרמעסטן זיך ער קאָן ניט אין געשלעגן,
זי קריכט אַף אים, באַפּעלנד, ווי דער טויט;
זי שלאָגט אים פּאָר, ער זאָל אַליין זיך מיט די נעגל
פון לײַב אַראָפּשינדן די ברענענדיקע הויט.

און ער — ער פאָלגט. די הויט ער פאַסעוועט מיט ווייען,
ווי אַ פאַרהער ער וואָלט פאַר איר אָט דאָ געהאַט.
די צאָל זי פרעגט אים ניט פון דײַטשישע אַרמייען,
ווײַזט אויס, אַליין זי ווייסט עס גוט און אַקוראַט!

ער שטעלט זיך אויף און טוט אין אײַלעניש דאָרט אָן זיך,
ער לויפט אַרויס. פאַרשנייט די וואַך איז בא דער שטאַל.
און מיט די אויפגעפּלאַמטע אויגן גיט אַ בלאָנדזשע
איבערן דאָרף דער דײַטשער גענעראַל.

אָט איז דער טליִע-שטאַנג, וואָס דײַטשלאַנד האָט געמאַכט דאָ,
און די געהאַנגענע נ׳אַ שנייִקן וואַל.
אים דוכט זיך אויס, אַז אַ קאָמאַנדע הערט ער: — אַכטונג!
פון אַלע זײַטן איז פאַרקלעמט דער גענעראַל!

ס׳איז נאַכט, און שטיל, און וואָיענדיק, און פראָסטיק...
דעם גענעראַל גיסט זיך מיט גליווער אָן דער בליק:
— אויך די געהאַנגענע פאַרשטעלט האָט פון אים מאָסקווע
און איצט פאַרשטעלט זי אים דעם אָפּגאַנג אַף צוריק!

ס׳דעקט ווי א כופּע-קלייד די אקסל צו דער שניי איר.
— וואָס האָט זי אים אזוינס געזאָגט אפן פארהער?
ער האָט קיין קרעכץ פון איר געהערט און קיין געשרייען,
ווען מ׳האָט געקריצט אף איר דעם שטערן מיט א שווערד!

ס׳צעטראסקעט לײַב ער צו דער ערד וואָלט צוגעטוליעט,
נאָר ס׳האָט דער שניי אף אים פארלייגט זיך מיט א נעץ,
און ווינטן מאָרדעווען און שטויסן אים צעהוליעט,
און יעדער לאכט פון אים אין ווײַטן ווי א לעץ

און וואָיעט אויס דורך הוילע קוימענדיקע טרויבן:
די פארטיזאנער — אומעטום און איבעראל!
און מיטאמאָל — א שאָס דערלאנגט דאָרט א פארטויב אים,
און בא דער טליִע פאלט אוועק דער גענעראל!

איבער די הויפן גייט דער אומעט ווי א וואנדערער,
ער קלאפּט אין שטיבעלעך — אין יעדעס לויט דער ריי;
אין שניי מיט לאנדסלײַט זײַנע וואלגערט זיך באנאנד דאָרט
דער גענעראל פון א פארטיליקטער ארמיי!

— געוועלבטע בערג הארוגים, אכטונג!
— צעפּיקטע שארבנס, — אוף! אין ערנ-וואכ!
דער גענעראל האָט זיך פארשלאָפן דאָ אף נאכט׳עג,
ער וועט ניט אופשטיין אפן דורכקוק פארן שלאכט!

ס׳וועט מאָסקווע קיינמאָל שוין ניט כאָלעמען זיך מער אים.
בלויז מיטן קייווער זיך באנוגענען וועט ער,
אין זײַנע ציילעמס זיך פארפּוצן וועלן ווערעם —
אין א רוסיש דאָרף אין א באפרײַטס — אונטער דער ערד!



## נאטיורמאָרט

א שארבן פון א פערד, געפּאנצערט מיט א קאסקע,
א קאָפּ פון א יעפרייטאָר, גריוועדיק און געל,
אינײנעם פוילן אין א קאליוזשע — צעכראסטעט,
פארדעקטע מיט א גרינעם דײַטשישן שינעל.

זיי שלאָפן נאזנדיק אין זומפּ פארוואונדערט,
פון גרונטן שוימיקט שימל זיך צעגרינט;

דער פרילינג בעט מיט קויט צעטרײַעטן זיי אונטער,
און ס׳רײַסט די דעק אראָפּ פון זיי דער ווינט.

ס׳באַהויכט זיי טויטערהייט צום ערשטן מאָל ביזאָיען.
די ציינ — אנטבלויזט, נאָר אָנמעכטיק צו טאָן א ביס.
צוקאָפּנס קוקט זיך שטיל אין זיי א קראָ אײַן
און קערט מיט עקל אָפּ פון זיי דעם פּיסק.

אין א צעלייגטן דעמב זיך קראַצט א טאַנק א קריפּל,
דאָס זשאַווערדיקע אינגעווייד ווי גאַל פון אים דאָרט טרי.ט;
מיט בלאָטע אָנגעשטאָפּט דער בויך איז און די ריפּן,
צעדרייטע צײַנ-קאַסטנס — פאַרכליופּעט אין א דיוו,

אַן אויסגעסאַדערטן מיט פלעשער פון שאַמפּאַניער,
מיט מאַסקעס קעגנגאַזיקע און קעלישעקלעך פאַר קאָניאַק, —
דאָס איז דער איבערבלײַב פון פאָלק „גערמאַניע״,
וואָס איז א שיקערער געגאַנ אַפּ מאָסקווע, ווי אַפּ יאַגד.

ס׳איז שטיל אין וואַלד. קיינ פייגלשעס געהאַווען.
ווי קוואָרים קוקט בלינדאַזש זיך אײַן אין א בלינדאַזש;
דער וועג זיך שפּרייט אַפּ וועסט פון מאַלאָיאַראָסלאַוועצ,
דער וועג פון בראָך, צוריקלויפ און פון אש.

זיי האָבנ ווינטערנ אין וואַלד געקליבנ זיך א ווינט.ר,
סילוועסטער דאָ באַגערט באַגעגנען האָבנ זיי.
געגאַנגענע זײַנעע בייזע רוסלענדישע ווינטנ,
באַלאַגערט האָט זיי דאָ דער רוסלענדישער שניי.

נאָר שיקער זיך געשוימיקט האָבנ האָפּערדיקע טאָסטנ,
מיט טרערנ און מיט וויי פון קינד-און-קייט,
פאַר א פּאַראַד-אַליי א בלוטיקער אין מאָסקווע,
וווהינ עס האָט גערמאַניע זיי באַגלייט.

בורגאָנער ווײַנ, קאָנסערוונ פון נאָרוועגנ.
און זעקס-און-נײַנציקער, און רוסלענדישער שפּעק,
און בריוו אַהיימ מיט צוגעזאָגטע רוסישע פאַרמעגנס,
מיט אַדרעסנ קיינ מאָסקווע — אַפּ צוריק — דירעקט!

און ס׳האָט דער ווינט געלאַכט, צעקאַטשענדיק די ביימער,
דער ווײַסער רוים פון אָפּהילכ האָט געפּלאַצט:

די בריוו ניט אָפּגעשיקט פון וואלד אהיים מער,
געיײַלט זיי אָפּשיקן דירעקט פון רויטן פּלאַץ,

און — מיט א ריוו זיי האָבן זיגרײַכן זיך באנוגנט,
א קייווער אין א קאליוזשע — האַרכאָוועדיק, באַמ וועג,
א ציילעם פון א טאנק, דאָס וואָיען פון א וויוגע
און דער שינעל דער גרינער פאר א דעק.

ס'איז שטיל אין וואלד. דער פרילינג קישעפּ פראוועט,
צום אקער און פארזיי איז גרייט די ערד;
דער וועג זיך שפּרייט אפּ וועסט פון מאלאָיאראָסלאוועץ,
דער וועג פון צריקלויפן אָן פיס און אָן דער שווערד...



## טראָפּייען

זיי טראָגן בלינד אפּ זיך די גוירלדיקע דאטן,
ווי איידעס — גרייט פאר יעדן צום פארהער;
אָט זײַנען זיי, די שווארצע גאָרגלען פון הארמאטן,
דערוואָרגענע מיט אונטערמאָסקוועדיקער ערד!

צו בלוט און בראָך זיי זײַנען מער ניט דאָרשטיק,
דעם גיר אין וועג געשטילט האָט זיי דער שניי.
פארקריפּלט שטום דערציילט א יעדער בראָכשטיק,
ווי ניט דערקראָכן אונטער מאָסקווע זײַנען זיי!

אין שטרענגער שטילקײַט פון בעסאלמענדיקע רייען,
ווי מייסים שטאָלענע בא קוואָרים אפּ דער וואך, —
רוען אין זאלן פון מוזיי די דײַטשישע טראָפּייען
אפּ פּאָסטאמענטן אייגענע פון בראָך אין שלאכט!

צעקרימט געווער און זשאווערדיקע ציילעמס
פון האָרדעס בלוטיקע, אפּ טויט-פעלדער פארוויגט,
וועלן אין טרויער דוירעסלאנג דערציילן,
ווי מ'איז געגאַנ פון אונטער מאָסקווע אפּ צוריק.

אונטער א גלאָז, גלײַך ווי פארספּירט וועט אין סלויען,
וויגן שינעלן זיך אפּ העלצלעכ אקוראט.
מ'האָט זיי געפּרעסט און זיי דעם קאָוועד אָנגעטרויעט,
אז אָנטאָן זאָלן הענקערס זיי צו דעם פּאראד

און אומבאַזיגט אדורכמאַרשירן מאָסקווע
מיט שאַרבנס בלאַנקענדע אַפּ אַרבל צוגענייט.
מיט קנעפּ זיך אומעטיק זיי וויגנ אונטער גלאָז דאָרט,
פּונקט ווי טאַכריכים גרינע פון דער דײַטשישער אַרמיי.

די שטילקײַט אינ מוזיי ז'מיט שלאַכטיקײַט באַטרונקענ,
א גאַוביצע צו דר'ערד גיט זיך א בויג,
אונטער א פליגל א צעקנייטשטנ פונ א „יונקערס"
דרעמלט א טרויב באַנאַנד דאָרט מיט א פויק.

עס האָט דער טויט אַפּ זיי געשפּילט איבער איירָאָפּע,
איבער געקעפּטע און צעטראָטנ-וויסטע שטעט.
פאַרוואָס באַגינט ניט דער פּאַראַד? וואָס איז דער אָפּהאַלט?
ס'ווערנ גערונענ די מאַזשאָרנ, מאַיעסטעט!

פון ווינקל קוקט, אַראָפּגעלאָזט אינ טרויער,
א ברוינע פאָנ — א שאַרבנ אינ דער מיט;
ס'זאָל זײַנ א שפּינ, וואָלט זי געקאָנט זיך אים פאַרטרויענ,
ווי מ'האָט פאַר מאָסקווע זי גענייט און זי געהיט,

איצט, ווי א ראָב צווישנ בעסאַלמענדיקע רייענ,
שטייט זי אינ זאַל, באַלויכטענעם מיט פּראַכט,
וווּ ס'שטייענ אויסגעשטעלט די דײַטשישע טראָפּייענ
אַפּ פּאָסטאַמענטנ אייגענע פונ בראָך אינ שלאַכט.



## א צווינטער אפנ יאַם־דעק

פאַרגעס דעם וועג צוריק, געפּאַנצערטער פּיראַט,
ווענ שווימסט אַרויס אַפּ מאָרד און רויב און אַפּ געפּלעטנ,
צולעצט באַקוק דעם ברעג, א צייל'עם זיך באַשטאַט,
דו וועסט אים מער ניט זען און קיינמאָל ניט באַטרעטנ!

געזעגנ זיך אַפּ שטענדיק מיט דײַנ ברוינעם סאַם!
ווי שווערדנ זײַנענ כוואַליעס שוימיקע געשליפנ.
א צווינטער ליגט צעוואָרפנ אַפּנ דנאָ פון יאַם,
און קאַסקעס, אָנגעטאָנ אַפּ מאַסטביימער פונ שיפנ.

זיי וואַרטנ דיך אינ אונטערוואַסערדיקנ רײַך,
צעשטעלט אינ א פאַרגליווערט-טויטער וואַך דאָרט,

דערקלערן זאָלסטו זיי, וואָס פאר א לאנד אזא ערײַכט
זיי האָבן זיגרײַך אין די יאמעדיקע שלאכטן.

קיין ווידערשטאנדן מער זיי טרעפן דאָ ניט אָן,
דער קאנט — באהערשט, ענדגילטיק צוגעפאסט זיך;
איבער די מייסים וויגט זיך פלאטערדיק די פאָן,
א טשערעפּאכע קריכט אף דער צעווייקטער סוואסטיק...

פארבראָכן הוידען שיפן זיך אין טויטן רוף,
מיט וואסער-וויקס פארפלאָנטערט און פארזונקען.
לעם יעדן איינעם — מיטן בויך ארוף,
ווי א צעקוועטשטע זשאבע, וואלגערט זיך א „יונקערס״.

בא דעם שטורוואל געבויגן דרעמלט א פילאָט,
אים דאכט זיך אלץ נאָך, אז ער פאלט אין נידער;
נאָר קיין סיגנאל: „אין לופט״ שוין מער פון ערגעץ ניט באדראָט.
די פלאכן אופהייבן און זיי פאנאנדערנעמען ווידער.

בא יעדן רודער זיצט א טויטער קאפּיטאן.
ער קוקט מיט אויגן גלעזערנע און קאָן זיך ניט דערמאנען
דעם גראָדן ווײַטערדיקן קורס פונדאן,
און ניט דעם טריומפאלן צריק-רייס קיין גערמאניע.

געשווומען זײַנען טראנספּאָרטן, באוואכט געטרײַ,
געזען זיי האָבן דורך בינאָקלען שוין די ווײַטע פיאָרדן.
געשווומען זײַנען זיי, באלאָדענע מיט בלײַ,
אף כאָרעוו מאכן שטעט, אף אופרײַסן און מאָרדן.

געשווומען זײַנען זיי אף א פאראד פון טויט
מיט שארבן אין דער הייך דורך גרענעצן און ראנדן
באגעגענען דאָס לאנד מיט פעך און שרויט
און אין בעסאלמענס דערפער בליענדע פארוואנדלען.

נאָר ס׳האָט א האפן אפן וועג געעפנט זיך מיט פלאם,
באגעגנט זיי אין אָפגרונט האָט דער טויט מיט אן אסיפע, —
א צווינטער ליגט צעוואָרפן אפן דנאָ פון יאם,
מיט קאסקעס אָנגעטאָן אף מאסטביימער פון שיפן.

צו יעדן ריר זיי הערן צו זיך אקוראט
און קאָנען קיין גערמאניע ניט דערגיין צוריק די וועגן.

— פארגעס, פארגעס דײַן היים, געפאנגענער פיראט,
און מיט דײַן ברוינעם גוף אפ שטענדיק זיך געזעגן!

דו װעסט אינערגעץ ניט דערשװימען צו קיין ברעג,
װי ס'זאָל די װאך דיך ניט פאַרדעקן און פארטײַען.
װעסט אויסברעכן אין יאם דײַן רויבעריש פארמעג,
דײַן רויבער-שיף װעט פריר זיך אָנעסן מיט פײַער.

מאטראָסן טשאטעװען אפ דיר פון ברידער-לאנד,
געװאגט איז זייער װעג גאנץ רום איז זייער מאמע.
פארקישעפט האָבן זיי דעם גיפט אין מויל באם שלאנג,
באצױוּנגענע האָבן זיי דעם טויט אין טיף פון יאמען.

זיי שטארבן ניט. דאָס לעבן גיבן זיי אװעק,
זיי גיסן איבער זיך װי בלוט אין לאנד, װען נאָר זיי קענען.
עס האקט דער טויט ניט איבער זיי דעם װעג,
װײַל זייער הויכן מוט דער טויט איז אונטערטעניק.

פארפלייצנדער פון יאם איז זייער צאָרנדיקער דראנג
און שטארקער זייער האס פון טויט איז און פון פײַער.
ניט גיפט מיט דײַנעם, שװימענדיקע שלאנג,
פארגיפטיקן זיי װעלן דיך, פארניכטן דיך אינדרײַען.

די ביינער דײַנע אויסשפּײַען דער אָפּגרונט װעט,
װי ס'שפּײַען פיש אונטערן װאסער אויס דײַן פעל דאָרט, —
פאר יעדן בערגל אש פון אונדזערע פארברענטע שטעט,
פאר יעדן זאנג פאר דעם צעטראָטענעם אפ פעלדער!

א קראָ אין מויל טראָגט קיין גערמאניע א בלאט,
אז צוגעדעקט איר שאנד דער יאם האָט איבער ברעגן.
— פארגעס דעם װעג צוריק, געפאנגענער פיראט,
און מיט דײַן אָנגעהעריקײַט צו װענטשן זיך געזעגן!



## דער געפאנגענער

קיין פראגעס ניט פאראנען זײַנען מער.
עס זײַנען אויסגעשעפּט שוין אלע, ביזקל איינער, —
נאָר ס'קומט ניט קיין באשייד: — מע האָט דאָך צום פארהער
קיין כּײַע ניט געשטעלט און ניט ארויסגערופן קיינמאָל!

האָט מען דען ווען־ניט־איז געפּאָדערט פּליכט באַם שלאַנג?
צי פון שאַקאַל אַן ענטפער זיך דערוואַרט מע האָט דען?
האָט מען באַם וואָרעם ווען אַמאָל באַווײַזן דען פאַרלאַנגט,
צי האָט מען באַ דעם וואָלף דערקלערונגען געפּאָדערט?

האָט ווער אַמאָל געוואַרט פון דער היִען פאַרשטאַנד,
און סייכל — באַ די ווילדע אײַנוווינער פון שטײַגן?
פאַרוואָס זשע שטעלט מען שײַלעס זייער שטאַם,
וואָס האָט די מיִעסטע פון זיי באַוויזן איבערשטײַגן?

געוויס איז דעם שאַקאַל צום האַרצן — רויב,
און דער היִען — איבער בעסאַלמענס הערשן;
עס גיבן זײַנע ציין־קאַסטנס זיך טעמפּ אַ הויב,
זיי מאַלעגיירענ דורך צו ענדע דעם פאַרהער שוין:

— ס׳אַרא געניוס צו קריכן אַפן בויך!
אַפּ קוואָרים־צײלעמער געוועלטיקן און גרויס זײַן!
אויב ניט קיין שטאָלץ פון אָדלער אין דער הויך,
איז ווי אַ שלאַנג אַ פּעסטנדיקע פּויזען!

די האַק איז שאַרפער פון געדאַנק,
און גיפט איז איבערצײַגנדיקער פון געוויסן!
די אויגן באַ דעם מענטש האָט אויפגעשפּאַרט די שלאַנג
און זי וויל זיי באַ אים צוריק פאַרשליסן!

זײַן בליק איז אויסגעהוילט און שווער,
מיט גיר באַזויפן איז זײַן מאָרדע:
אַ מענטשנ דו דערזעסט — דערווערג!
אַ דורכגייער — דערמאָרדע!

ניטאָ וואָס צו פאַרשטיין,
ניטאָ וואָס צו דערציילן,
ווער ס׳מאַכט עס מיט אַ שווערד, ווער מיט אַ שטיין,
ווער ניט אַ ציילעם.

האָט ווער אַמאָל פון היישעריק געוואַרט פאַרשטאַנד?
געפּרוווט האָט עמעץ דען די שלאַנג מיט יוישער איבערצײַגן?
פאַרוואָס זשע שטעלט מען שײַלעס זייער שטאַם,
וואָס האָט די מיִעסטע פון זיי באַוויזן איבערשטײַגן?

א קויל קאָן עפשער דורכדרינגען אין מארך
פון א מעטורעפּויקער בלוטדורשטיקער כײַע,
זאָל גיך דער קייווער אפ זיי טאָן זיך א פאַרמאַך,
זאָל זיך די אויסגעפּלאָגטע ערד פון זיי באַפרײַען!



## געפאנגענער פאשיסט

טעווטאָנער שטאם מיט הערנער און מיט טלאָ,
די שײַנן און שטאָלץ פון מינכענער קאבאקן, —
די אויסגעשטאָלטע שרעק פון קאט און גלאָמפּ
מיט קרייצן, אויסגעקריצט אפ טעמפּן האלדז-און-נאקן, —
ער האָט דאָך ערשט נאָרוואָס געפּאָכעט אין דער לופט
מיט שפּיגלדיקן מעסער פריילעך איבער העלדזער,
און איצטער פּאָכען זיך אין שרעק די הענט זײַנע ארופ,
ווען אין געפאר געשטעלט האָט אפ א ווײַל זײַן פעל זיך!

די הענט — אין דר׳הויך, דער ציילעם — אפ א זײַט,
די ביקס — אין קויט, און די שווארצאפּלען לויפן;
ס׳גייט אין א רעגע דורך פאר אים די גאנצע צײַט,
זינט ער מיט מאָרד און רויב האָט זיך באַזויפן,
זינט ער האָט זיך געלאָזט אפ לײַכטן ברויט
מיט מעסער קעגן פרוי און קינדער קליינע.
איז וואָס זשע ציטערט ער אזוי עס פארן טויט,
דער ריטער פונעם שארבן און צונויפגעלייגטע ביינער?

ער האָט געוויס ניט אויסגערעכנט שטיין אפן פארהער
מיט זײַנע הויכע מיליטערישע טראָפּייען,
וואָס אָנגערויבט בא טויטע אפן פעלד האָט ער
און אויסטאָן זיך געלאָזט דערפאר זײַן פּאָרטופּייע...
איצט — אָן דער האק — דערמאָנט ער א שטיק ליים,
פון בלוט צעווייקט, אין קויט אן אײַנגעריכטע.
עס קאָנען עפשער ווערעם ברוינע אלערליי
פון אים ווי גיפט און גאל זיך א צעקריך טאָן...

עס דוכט, אז ס׳קאָן אזא ארויסשלעפּן פון טאש
א כיילעק פלייש פארבלוטיקטס פון א הערעג,

זיך שטעלן קײַנער טעמפּ און סליונעדיק, מיט ראַש
און אַלץ אַרום באַקוקן ווי געהעריק
מיט פאַכעד פינצטערן פאַר העלן טאָג,
מיט אומבאַגרײַפלעכקײַט פאַר שטערנדיקע הויכן,
און זיך פאַרוווּנדערן — פאַרוואָס ער זעט ניט דאָ
קיין אײַנפאַרשטאַנד צו זײַנע גענגלעכע געברויכן?

עס דוכט: עס קאָן אַזאַ די ערד אַ טאַפּ טאָן מיטן מויל
און קניִענדיק דאָס מיסט אַ שמעק טאָן און אַ שנאָרע,
און אָפּגעטאָן פון אַלץ, פאַרשטאָפּט און פויל,
זיך אויסציִען נ״אַ הייל און זיך פאַרגראָבן אין אַ נאָרע.
ער האָט געוויס ניט אויסגערעכנט שטײַנס אָפּן פאַרהער,
די ווערק פון זײַנע הענט פאַר אַלעמען פאַרהאָלען;
עס באָמבלען זיך געוויס אין קאָפּ בא אים די נעכט
פון מאָלצײַטן פון בלוטיקע אין האָלאַנד,
די וואַקכאַנאַליע אָפּ גאַסן פון פּאַריז,
דער טויטן-טאַנץ פונעם געקעפּטן פּוילן,
וואָס ער האָט הוליענדיק געטראָטן מיט די פיס,
דאָס אויסגעטאָנענע און הוילע...

עס דוכט: צו אים דערטראָגט אַצינד זיך דאָס געשריי
פון קינדער, צוגעטוליעטע צו מוטערס שויסן,
וואָס ער האָט, אין פאַרווײַלונג, לעבעדיקערהייט
אין קוואָרים אופגעגראָבענע געשטויסן...
אַ מידקײַט ברעכט, דאַכט זיך, אַרונטער אים די קני
און בייגט דעם קאָפּ אים אויס ווי בא אַ ווערבע;
— צי הייבן זיך ניט אוף פון דר׳ערד אַנטקעגן אים
די טעכטער די געשענדעטע פון סערביע?
אַרום אים ווערט אַלץ פינצטערער און שוואַרצער,
אַ פּעל באַלייגט אַ ברוינע אים ווי מאָך.
עס קאָן דאָ נאָך ווי אַ שאַקאַל צעוואָיען אין דער נאַכט זיך
זײַן טעמפּע בענקשאַפט נאָך פאַרצוקונג און נאָך מאָרד!

און אים איז עס געווען באַפעלט
אין נאָמען פון טעווטאָנישע געוועלטיקער און הענקער
פונסנײַ איבערצווענדערן די וועלט
נאָך פיל יאָרטויזנטן פון שאַפן און פון דענקען...

ער קוקט, ווי אומפארשטענדלעך וואָלט עס אים געווען,
פארוואָס מע לאָזט אים דאָ ניט הארגענען און קוילען...
אָט וואָס דען אנדערש דארף ער זיינע הענט?
וואָס האָט מען נאָך דען אים פארזאָגט און אים באפוילן?
מע האָט עס מיט פאראד באקרוינט דאָך: — נייע וועלט!
מע האָט עס דאָך דורך טויט געמאָלדן: — נייע אָרדענונג!
און דאכט זיך, מיט דערפאָלג איז ער אריבער שוין איר שוועל
אינאיינעם מיט דער גאנצער האקנקרייצערישער האָרדע,
און איינגעפונדעוועט אין איר זיך טיף
און ביזן סאָף זי ענדערן מיט רום ער טרעט דאָך,
ער האָט אפילע אָנגעשריבן שוין א בריוו
צו זיין געליבטער פלאַקסנהאָרעדיקער גרעטכען:

— „דו בעטסט, איך זאָל דיר שיקן א מאנטאָ,
זי פון א יידישקע אראָפּשלעפּן, מיין ליבסטע, —
איי, האָב איך דיר, מיין טייערע, צוליב געטאָן.
די זאכן זיינען נעטע, זייער היפּשע.
די צירונג איז פון ריינעם גאָלד,
פונקט ווי דער אָפּשטאם אונדזערער פון ריינעם בלוט איז.
איך וואָלט אָפּסענדערן דיר נאָך עפּעס געוואָלט,
נאָר ס'איז קיין צייט ניטאָ. איך וועל שוין זעלבער ברענגען אלעס גוטעס,
און דער מאנטאָ איז פראכטפאָל, פוטער ביזן לאץ.
און נאָך האָב איך געפּאקט פאר דיר א ביסל זיידן גרעט דאָ.
פארבלייב מיר טריי. איך קיסע דיך, מיין שאץ,
מיין הייסע פלאקסנהאָרעדיקע גרעטכען!

די יידישקעס — זיי גיבן פון זיך אלץ, —
נאָר נעמען איז אפילע גרינגער
די האלדזבאנדן אינאיינעם מיטן האלדז,
די פינגערלעך — אינאיינעם מיט די פינגער!
ס'איז פריילעכער אזוי, אונד — אכטונג מער!
און פורכטבאר אמוזירנד, דאָנער-וועטער!"
ער האָט ניט אויסגערעכנט שטיין אפן פארהער
ווי א צעווייקטער גוילעם א געפּלעטער.

★✦★

# דאָנער־וועטער!

ס'איז אים פארגאנגען דער טאַם פון צוגעדעמפטן אָפּ,
א ביינדל אויסנאָגנדיק האָט אים מיט בלוט פארגלוסט זיך,
האָט ער באשלאָסן אין קאָלווירדט צו טאָן א לאָפּ,
געוואָרעמט א קאמייע האָט ניט־צוטריטלעך די ברוסט אים!

אים מיטגעגעבן האָט זיין קאלע די קאמייע אפן קריג,
באשיצן זאָל זי אים, ווען שיינדיק עמעצן פאר איר ער וועט דאָרט...
ניט צושטיין זאָל קיין קויל צו זייער האָכציימיקן גליק,
נאָר אים האָט זיך פארגלוסט געבראָטנס — דאָנער־וועטער!

דער פעלד־בינאָקל זיצט שוין אפ זיין נאָז,
און צו די אויגן דעם קאָלווירדט דעם גאנצן ציט ער;
— אָט וועט ער, דאָנער־וועטער, גלייך זיך טאָן א לאָז!
נאָר עפּעס לאָזט זיך דורכן לייב אים דורך א ציטער.

דאָס דאָרף איז אָפּגעברענט און ליגט פארטייט,
איין אָפּ שפּאצירט איבערן וועג, א פויגל — פרימע!
ער גייט, דאכט זיך, אליין צו אים. ער איז שוין דאָ ניט ווייט.
— וואָס טוט מען, דאָנער־וועטער, גאָט אין הימל?!

ניט ווייט פון דאָרף דערטראָגט זיך אלץ ווייל א גרוס.
אין קאָרן ליגט ערגעץ פארשטעקט א רויטארמייער,
האָט דער אריער זיך א טאפּ געגעבן שנעל די ברוסט —
ניט צולאָזן קיין קויל צו אים וועט זיין קאמייע.

נ'דער האָן — ער גייט! ער ווערט אלץ נעענטער יעדע ווייל,
ער איז שוין אָט־אָט־אָט! נאָר מיט די הענט אים נעמען!
האָט זיך דער האָנען־יעגער גלייך געטאָן אן אייל,
אָט וועט ער מיט די פינגער אים א כאפּ טאָן און פארקלעמען!

ער ציילט די טריט און שפּירט שוין דעם געוווס,
וואָס ער וועט האָבן אין זיין בלוטדאָרשטיקן צוריר,
ער שפּאנט און כריפּעט: — גיב זיך אונטער, רוס,
איך וועל געגאָד פאר דיר באמיען זיך באם פיורער!

ער ציילט די טריט. ער כאפּט די הוט.
דער האָן צוריק. נאָר באלד וועט ער אים פאנגען —

עס האָט זיך קיינמאָל ניט אנטפּלעקט אזוי זײַן מוט,
ווי דאן, ווען ער האָט מיטן האָן געלאָזט זיך אין געראנגל!

און אים געפּאקט! געפּאקט אים פאר א כוס!
און האלט אים פעסט. די פליגל פּאטשן ראש פאר זײַנע אויגן;
נאָר פּלוצים האָט א קויל א פּיק געטאָן זײַן ברוסט,
און ער האָט אין דער גאנצער לענג זיך אויסגעצויגן.

אך, דאָנער-וועטער! — ט׳ער א וואָרף געטאָן דעם קאָפּ צולעצט, —
אזויפיל בלוט און אויפעס, לענדער און געשלעגן!
ער האָט פארשטאנען גוט, דער טעמפּער ווערגעלעצ,
ווי זיך מיט מי מיט פרעמדער צו באלעקן...

ווו עפּעס לעבעדיקס האָט ער געוואָרגן ווי א טכויר,
געשטיקט מיט יעדן טראָט, פארגוואלדיקט און געמאָרדעט,
געשונדן לײַב פון ביין, געקוויקט זיך מיט דעם גרויל
און אָפּשיקן זײַן קאלע עס באדארפט דערנאָכדעם.

זי האָט מיט אומגעדולד געווארט. אין יעדן ברייוול אים געהאלדזט.
די מאָס פון אירע פּיס אַרײַנגעלייגט אין מויל אים.
ס׳גייט בליצשנעל דורך אים פאר די אויגן אלץ,
די זיסע האָניק-טעג פון רויב און מאָרד אין פוילן,

די נעכט די שיקערע ב׳געפּאנגענעם פּאריז,
ס׳געוויין פון קינדער אין דערשטיקטן האָלאנד...
ער האָט געפרעסן אלץ, — ווו נאָר געטראָטן ס׳האָבן זײַנע פּיס,
און אומעטום האָט די קאמייע אים געהיט פאר א מאפּאָלע.

און איצט איז ער געלעגן שטיל מיט אָפן מויל,
דער האָן האָט איבער אים ניט אופגעהערט צו קרייען.
די דויטארמײַישע, די פּראָסטע קויל
פארשטייט קיין כאָכמעס ניט פון א פאשיסטישער קאמייע!

געמינטערט האָט דער האָן דעם קורעלאפּנעם העלד,
געריסן זיך פון טויטן קלעם — פון זײַן באצווינגער;
נאָר ס׳האָט אפּ אים אראָפּגעהויכט א יענוועלטיקע קעלט,
ס׳האָבן מיט גליווער אָנגעפילט זיך זײַנע פינגער.

צו נאכט פארשטילט געוואָרן איז דער האָנען-קריי,
צו נאכט באפאלן האָט דעם האָן א הונגער.
האָט ער דעם פּיסק געטאָן פון זײַט צו זײַט א דריי,
נאָר דער נעוויילע-רייִ׳כ האָט אים זיך אָפּקערן געצווונגען.

# א מינהעג

זיי האָבן ליב מיט גרױס פאַראַד און קנאַק
פאַרכאַפּטע אויפעס פרעסעריש פאַרניכטן,
נאָר ס׳באַקומט זיי ניט קיין טראָפּן דער געשמאַק,
ווען רויטאַרמייער וואַרעמען זיי אָן מיט אַרטילעריע די געריכטן.

זיי ווערן אופגעבראַכט און בייז ביז גרויל,
דאָס בלוט דאָס נאָבעלע הייבט אָן בא זיי צו יערן;
געוויס איז א געדעכטע גאַנדז געשמאַקער פון א קויל,
וואָס ס׳שיקט אײַן מויל צו זיי די רויטאַרמייערישע אַרטילעריע.

וואָס קאָן מען טאָן? א מינהעג איז אזא אין לאַנד —
מיט געסטן מיט אומגעבעטענע באַגייען זיך וואַרעם,
אַז פאַרגעדענקען זאָלן זיי עס פליייסיק און אַף לאַנג,
אַז מער זאָלן זיי קיינמאָל זיך אהער ניט שפּאַרן.

זיי זײַנען צוגעוווינט אַרײַנגיין אין א דאָרף,
ווי נאָך א קרענק מיט גיך א וואַלגער טאָן אַף אַלץ זיך.
נאָר עס באַקומט זיי ניט דער ביסן ווי ס׳באַדאַרף,
ווען רויטאַרמייער זיי די שפּײַז מיט א שראַפּנעל באַזאַלצן.

זיי ווערן אופגעקאָכט. זיי קייכן פון דער הויט.
זיי זידלען זיך אײַן קאָס מיט אויסגעקרימטע מײַלער;
געוויס פאַרדײַעט שמאַלץ געשמאַקער זיך פון שרויט,
וואָס מאַכט דעם מאָגן שווער און טרײַבט אַף יענער־וועלט אים אײַליק...

וואָס קאָן מען טאָן? א מינהעג איז א זאַך,
וואָס איז געוווינט, אַז אויספירן מע זאָל געטרוי אים,
געדענקען זאָל מען אים, ווען צײַט פאַרגייט א סאַך,
ב׳דערמאָנען זיך אָן אים זאָל שווער זײַן אומגעהויער.

און זיי? זיי גייען אויס נאָך א געשמאַקער שפּײַז,
זיי ווערן די קאַפּאָרע נאָך א פעטן ביסן.
נאָר ס׳שמעקט זיי ניט, ווען רויטאַרמייער גיבן זיך א ווײַז
ב׳דערלאַנגען זיי די שפּײַז אַף אויסגעשליפטע שפּיזן.

זיי לייגן זיך אַף דר׳ערד מיט אזא כאָרכלענדיקן שרײַ,
זיי שרעקן מערדערלעך די גענדז באַם זיך צעשיידן:
אַז אויב דער רויטאַרמייער ט׳איז געפענקעניש אַרײַן,
איז וועלן זיי אים טאָן געברענטע ליידן.

זיי וועלן זיך מיט אים באגיינ ווי מיט די קינדער אפן וועג,
און ערגער נאָך ווי מיט די אומשולדיקע פרויען.
וואָס קאָן מען טאָן? א מינהעג הייליק איז ווי א געשלעג!
און ער האָט ליב, אז אויספירן זאָל מען געטרוי אים!

און באם געוועהר — א פארמאסקירטער פון דער זייט
איז אלע ווייל א רויטארמייער זיי מעכאבעד
און זאָגט זיי צו: — וועסט פריר זיך איבערקערן אפ דער צווייטער זייט,
ביז אין געפאנג א רויטארמייער וועסטו כאפן!



## זאָלן וויינען אין דייטשלאנד די מאמעס

1

זאָלן וויינען אין דייטשלאנד די מאמעס
אין דערוואַרטונג אפ זין פון דעם קריג.
אין די רוסישע שנייִקע יאמען
האָט דער טויט זיי אפ אייביק פארוויגט.

ניט קיין טרייסט די פארבלוטיקטע ערד איז,
ניט קיין טרייסט איז דער הימל אין פלאם,
און באגלייט זיי אליין האָבן מערדערס
און געבענטשט זיי מיט מאָרד און מיט סאם.

ס'רוישן ווינטן אפ קוואָרים געהיימע,
מיט פארזשאווערטע קאסקעס פארדעקט, —
זיך ניט אומקערן קיינמאָל אהיים מער
וועלן רויבער, צעזייט אפן וועג!

זאָלן וויינען די מאמעס אין דייטשלאנד
מיט פארבראָכענע איינזאמע הענט,
ווייל זיי האָבן די הייליקע לייד-שאָ
פון געבורט מיט דעם אומגליק געשענדט!

2

זאָלן וויינען די פרויען אין דייטשלאנד,
זאָלן טרערן פארנעפלען דעם טאָג.
דאָס געשפענסט פונעם טויט איז ניט ווייט שוין,
און די שארבנס פון מענער ער טראָגט.

אומגעדולדיק געוואַרט דאָך זיי האָבן
אַפֿ מאַטאָנעס פֿון טויט דורך דעם קריג,
זיך א גראָב טאָן אין זיי ווי די ראָבן,
אומפֿאַרשעמט עס באַקרוינען מיט „זיג"!

נאָר א רויש רירט באַנאַכט זייער שוועל דאָרט,
און דעם שלאָף מיט דערשרעק ער צעוויַיט,
ס'ליגן מענער פֿאַרפֿרוירן אַפֿ פֿעלדער,
ס'מיסט די ראָב זיך א ריר טאָן צו זיי!

זאָלן וויינען אין דיַיטשלאַנד די פֿרויען...
אין די ליידיקע היַיזער פֿון גיך
ווערט אַפֿ לאַנג זיך באַזעצן דער טרויער,
און דער אומעט ווערט שטיין בא דער טיר!

3

זאָלן וויינען אין דיַיטשלאַנד די קאַלעס,
ניט דערוואַרט אַפֿ קיין שליובן אין לאַנד;
ס'ווערן שאַנד-היַיזער זיי ווי די שטאַלן
אַפֿ צו פֿאָרן זיך דאָרטן דערלאַנגט.

צו דער האָכציַיט נאָדאַן האָבן ברייט זיי
זיך באַשטעלט, דורך דער פֿעלד-פּאָסט פֿאַרגלויבט;
ס'זאָל א גאָלדענער רעגן פֿאַרפֿלייצן
פֿון האַריגע, פֿון מאָרד און פֿון רויב.

אַזוי לייַטיש די צעפּ שוין באַשטאַט דאָרט,
אַזוי גליקלעך בא שפּיגלען געוואַרט, —
נאָר עס האָבן כאַסאַנים פֿאַראַטן
מיט דעם טויט אונטער מאָסקווע באַנאַכט.

אויסגעבראָכן זיי ליגן ווי גאַל איצט
אַפֿן שניי מיטן נאַדן באַנאַנד;
זאָלן וויינען אין דיַיטשלאַנד די קאַלעס,
ניט דערוואַרט אַפֿ קיין שליובן אין לאַנד.

4

זאָלן וויינען אַלמאָנעס אין דיַיטשלאַנד,
מיט יעסוימים, פֿאַרוויגט אַפֿ דער האַנט, —

דאָס פאַרבלוטיקטע רייַך דאָרט פאַרבייַט שוין
א בעסאַלמענשן קרייץ פאַר א מאַן.

און די בימערע נויט — פאַר א שפּייַזער,
און די עלנדע גאַס — פאַר א היים;
ס'טרייַבט דער הונגער אַרויס פון די הייַזער
נאָך א קייוועד פאַרנעמען א ריי.

און געכאָלעמט זיי האָבן פון צירונג
אין די איינזאַמע בעטן באַנאַכט, —
וואָס געדויערט אַזוי דער שפּאַצירגאַנג,
אַזוי לאַנג, ווי מע וואַרט — ניט דערוואַרט.

און דער טויט פאַר א מאַן ערגעץ רייַט שוין,
זייַנע טריט פון דער וויַיט מע דערקענט...
זאָלן וויינען אַלמאָנעס אין דייַטשלאַנד
מיט יעסוימים, פאַרוויגט אף די הענט.





## רײַטער־גווארדיע פאר א שלאכט

די גריוועס — אָנגעפוכט מיט פינקלדיקנ שניי,
אונ פונ די נאָזלעכער ווי זײַלנ גייט א פארע:
עס וועלנ ווײַטנ באלד זיכ געבנ א צעגיי,
עס וועלנ באלד די רוימענ זיכ צעשפארנ.

אינ דר׳הייכ — א שטערנ ווי א פיש גיט זיכ א וואָרפ,
דער שניי באנאכט לאָזט זיכ פונ קיינעמ ניט בארירנ;
לענגאויס דעמ וועג פונ אײַנגעשלאָפנ דאָרפ
אפ א באפעל ווארטנ דאָוואטאָרס רײַטערירע,

פונקט ווי געהאקט פונ מירמל אונ פונ שטיינ,
נאָר יעדער אייווער — אָנגעגליט אונ וואכ איז,
שינעלנ הייבנ זיכ ווי פליגל אופ אליינ,
אונ אפ דער זײַט זיצנ די שמויטענע פאפאכעס.

צו האלבער נאכט דורכ אָט דעמ וועג, וואָס איז פארווייט,
ווענ ס׳דאָרפ אינ דרעמל זײַנ פארזונקענ וועט אזוי נאָכ,
וועלנ דאָוואטאָרס רײַטערירע אינ א רעיד
אוועקגיינ טיפ אינ הינטערלאנד פונ כוינע.

אפ שטאלטנע פערד — באזילבערטע זיכ דאכט,
וואָס זײַנענ גרייט איבער אנ אָפגרונט זיכ א ריס טאָנ,
דער קאָמיסאר דער באטאליאָנער — קאבארדא,
דער פאָדפאָלקאָווניק, א פארדײַגעטער, — אריכטאָוו.

דורכ שטילקײַט נאכטישער זיי הערנ דאָס געוויינ
פונ די פארפײַניקטע אונ לײַדנדיקע ערדנ,
ווו ביז די העלדזער שטייענ שטיבעלעכ אינ וויי,
ווו בלוטיק בושעווענ די דײַטשלענדישע מערדער,

עס זעצט אַף ביימער אַפּ פאַרשנייטע זיך דער ווינט,
ער וועקט די צווײַגן די פאַרקאָוועטע פון אומעט.
און אין דער פינצטער טײַטלען זיי: אַהין,
דאָרט ניט דערוואַרט מען זיך אין פּײַן אַפּ זייער קומען.

אין זאָטלען קוים די רײַטער־רע זיצן אײַן,
צו לייצעס אומגעדולדיק טוליען זיך באַגנעטן.
מע זאָל שוין גיכער ווי אַ שטורעמווינט אַרײַן,
דעם שוואַב די שאַרבנס מיט די קאָפּיטעס אַ קנעט טאָן.

נאָר דער באַפעל האָט זיך פאַרהײַעט. ניט פאַראַן.
די רעגעס לאַנגזאַם אין די שנייען ערגעץ הריזנען;
און ס׳גייט אַ קרעכץ מיט ווייטעק דער באַיאַן,
ווי ס׳וואָלט געריסן זיך דאָס האַרץ פון דער דיוויזיע.

די קלאַנגען גיבן טיף דעם כוישעך אַ צעגראָב,
פון אונטער פינגער אַ צעפּאָך גיבן זיך פונקען.
און קאַבאַרדאַ אַ דריי פאַרוואונדערט טוט דעם קאָפּ:
— וואַרט אויס! וואָס שפּילט ער דאָרט? ס׳איז, דאַכט זיך, אַ לעזגינקע?

און פונעם פערד איז ער אַראָפּ, פונקט ווי אַ בליץ,
און אַ פאַרהייב געטאָן די פּאָלעס פון דער בורקע;
פון אונטער פיס האָט דאָרט דער שניי געטאָן אַ שפּריץ,
דעם ערשטן קרײַז ווי אין דער לופט איז ער אַדורכגאַן.

נאָך אים — אַריסטאָוו האָט אַ שפּרונג געטאָן פון פערד
און אַ פאַרצויבערטער געלאָזט זיך אַפּ אַנטקעגן
און, מיט די טריט ניט אָנרירנד די ערד,
דעם קאָמיסאַר, זיך טראָגנדיק, באַגעגנט.

דער שניי פאַרזידט. דער שניי לויפט אויס אונטער דעם בראָק,
צעשפּרייט די הענט באַם קאָמיסאַר זײַנען ווי ווײַזערס.
אָט גייט דאָרט איינער נאָך דעם אַנדערן אַ יאָג,
און אָט צעוואַרפן זיי זיך פליענדיק אין קרײַזן.

— אין האַלבן צווזעץ, פּאָדפּאָלקאָווניק! ניט געפײַלט!
עס דוכט, אַז ס׳דרייען אַרום אים זיך שוין די שנייען;
דער האַרמאָניסט בײַט נאָר דעם אויער יעדער ווײַל,
די קלאַנגען ווײַט זיך אין דער נאַכט ערגעץ צעגייען.

און אף די פערד די רײַטערירע זיצן גראד,
די הענט צו שטערנס הייבן שטרענגע זיך אליין אוף, —
און מיט די הערצער קלאפן אויס זיי אקוראט
א יעדן טאקט ווי אין א ליד אזא פארייניקט.

די אויסגעפּײַניקטע זיי בר׳ענגגע דארפן פרייד
און פאר די לייד די ביטערע — באלוינען;
דאָוואטאָרס רײַטער הייבן אָן אזוי דעם רעיד
אין האלבער נאכט — צום הינטערלאנד פון סוינע.

און אין דער מיט, אין סאמע ברען, האָט זיך דערהערט
פון גענעראל א הילכיקע קאָמאנדע:
— קאוואלעריסטן, אף די פערד! צו דרײַ אף רעכט!
— נאָך מיר, דאָוואטאָראָווצעס, — ארש! און — צו די ראנדן!

ס׳איז האלבע נאכט. די הייך איז אויסגעשטערנט קלאָר.
געשמידט פון צויבער קאָנען ביימער זיך ניט רירן,
און ווי א שטורעם כּונעם שלאָפנדיקן דאָרף
לאָזן אין אָנגריף זיך דאָוואטאָרס רײַטערירע.



## יאמ־אינפאנטעריע

ס׳אײַלן ווינטן פון יאמען געטרײַע,
דורכ די וואָלקנס זיך רײַסן געבערג:
— שפרייט דעם סוינע א נעץ אויס פון פײַער,
אין דײַן האס אים פארשלייפ און דערווערג!

ס׳הייבן אוף זיך צעטראָטענע זוימען,
אונטער בלײַענעם האָגל געזייט:
— שנײַד, געליבטע פון יאמישע רוימען,
די פארדארבער פון סטעפּישער ברייט!

אף פארויכערטע כורוועס אף שווארצע
שטיל א מאמע דאָס קינד אירס פארוויגט:
— זאָל דער שטורעם פון יאם אין דײַן הארץ זײַן,
און די רו פון א פעלדז — אין דײַן בליק,

און די קראפט אין דײַן האנט — פון א דונער,
און דער פּאָכ אין דײַן שווערד — פון א בליץ!

לייג דאָס הארץ צו דער ערד דײַנער צו נאָר,
א געשענדטע זי רופט צו דיר איצט...

אופגעפלאקערט מיט צאָרן איר קאָל איז,
נאָר דאָס קינד אירס זי וויגט מיט א טרייסט:
— ס'וועט דער טאטע די מערדערס באצאָלן,
פאר די טרערן, דעם בלוט און דעם בייז!

ס'ווארט דאָס קינד, ס'ווארט די ערד, ס'ווארט די מאמע,
אויסגעבויגן אין בלוטיקן אָל,
א געוויין גייט פון יאמען ביז יאמען:
— זײַ זיך נויקעם, מאטראָס, און באצאָל!

— נעם די שטורעמס פון אונדז און זײַ גרויזאם
און פארניכטנד צום פײַנט אין געשלעג,
הייב זיך אוף און פארפלייצ און צעשטויס אים
און צעשמעטער — פון ברעג ביז צו ברעג!

זאָל דײַן כעזשבן פון אומברענג די מערדערס
זײַן אָן צאָל, ווי די כוואליעס אין יאם.
ווי א מאמע צו דיר רופט די ערד איצט
מיט איר וויי, מיט איר צאָרן און פלאם —

מיט די שארבנס פון סוינע פארצוימען
אים דעם וועג אין זײַן בלוטיקער קייט;
— זײַ, געליבטע פון יאמישע רוימען,
נאָך באליבטער פון סטעפּישער ברייט!

יעדעס גראָז, יעדער בוים, יעדע לאָנקע
רײַסט פון פײַנט זיך צו דיר אומעטום,
ס'האָבן יאמען מיט ברויז דיך באשאָנקען,
און דער ברויז — מיט אומשטערבלעכן רום!

א געפאנגענע ווארט ניט דערווארט זיך
בא דעם מערדער דײַן מאמע — דײַן ערד;
זאָל דער שטורעם פון יאם אין דײַן הארץ זײַן
און דאָס פײַער פון בליץ — אין דײַן שווערד!

★✦★

## צו דער וואָלגע!

צעוואָרפן דער יאַם האָט זיך גאָלדיק,
קיין ברעג זעט אינערגעץ זיך אָן;
שווארציאַמיקע זין אַף דער וואָלגע,
שווארציאַמיקע זין אַפן דאָן!

מיט האַס ווי מיט זעגלען באַפליגלט,
פ׳ן יאַם — אַף קאַזאַקישע פערד.
פארבראָכענע ווערבעס זיך וויגן,
געבויגן די קעפ צו דער ערד!

זיי קושן די טריט באַ די רײַטער
און בעטן מיט גרינס זיי דעם וועג.
צעשפרייט האָט דער יאַם זיך אַף ווײַטן,
מע זעט ניט אינערגעץ קיין ברעג.

אַ וואַלקן זיך יאָגט נאָך אַ וואָלקן,
דעם האַרץ פונעם היימלאַנד זיי דראָען —
שווארציאַמיקע זין אַף דער וואָלגע,
שווארציאַמיקע זין אַפן דאָן!

פון זון און פון בלוט אַ געוועב איז,
און שאַרף ווי אַ שפּיז יעדער זאַנג —
אַף סאַלסקער באַגאָלדיקטע סטעפּעס
זיך טראָגט אַ מאַטראָסיש געזאַנג!

ס׳איז האַרטער פון שטיין און פון פעלדזן
מאַטראָסישער צאָרן און האַס.
זיי האָבן אין קייטן צעשטעלט זיך —
אַ פאַנצער דעם גרויען קאַווקאַז.

קיין איינציקן טראָט ניט פונדאַנען,
ניט לאָזן אינערגעץ קיין שפּאַר —
אין בלוט איז דאָס ברויט דאָס קובאַנער,
דער נאַפט פון באַקו — אין געפאַר.

מאַטראָסן, געכוואָוועט פון יאַמען,
קאַזאַקן, געשטאָלטע פון בערג,

דעם סוינע די וועגן פארצאמענ
מיט בליץ פונ פארניכטנדער שווערד!

א בוימ איז אנ אורוואלד פארוואנדלענ,
פארוואנדלענ א שטיינ איז א בארג!
ניט דורכגייז דער פײַנט זאָל דעם ראנד דאָ,
אפ יעטווידנ טראָט — אימ דערווארג!

צעטרייבערט זײַנ בלוטיקנ גאָרגל,
זײַנ שארבנ אפ שפיזנ טוט אָנ,
שווארציאמיקע זיג אפ דער וואָלגע,
שווארציאמיקע זיג אפנ דאָנ!

דאָס הייליקע אש סעוואסטאָפאָלס
איז פלאמענ זיך טראָגט — א געבאָט:
— פאָרויס! ס'איז געפאר ניט קיינ אָפּהאלט!
— צוריק ניט קיינ איינציקנ טראָט!

עס גריסנ אײַך ברידער פונ צאָפנ —
די ריטער פונ שטאָט לענינגראד;
דער יאמ האָט אפ ווײַט זיך צעוואָרפנ,
מיט שטורעמווינט גרײַפנד אונ גראד!

דעם אָנגריפ פונ סוינע ניט ווארט זשע,
אימ טאָנ לאָזט אינערגעצ קיינ טריפ —
א שליופקע זאָל ווערנ א בארזשע!
א בארזשע זאָל ווערנ א שיפ!

אונ פײַער פונ יעטווידע זײַטנ,
באגראָבט אימ אפ יעטווידנ וועג!
צעשפרייט האָט דער יאמ זיך אפ ווײַטנ,
מע זעט ניט אינערגעצ קיינ ברעג.

עס בענטשט אפ נעקאָמע דאָס פאָלק אײַך,
איז האס אונ איז צאָרנ פארטאָנ,
שווארציאמיקע זיג אפ דער וואָלגע,
שווארציאמיקע זיג אפנ דאָנ!



# בריִדער

פינעף ברידער זײַנען זיי געווען,
פינעף סאָסנעס — איינס אין איינס געראָטן;
גאָלד האָט זיך פון זייערע געבענטשטע הענט
בא דער ארבעט אומעטום געשאָטן.

איינער האָט געארבעט שמידערײַ,
צווישן טרעגער האָט געשעמט דער צווייטער;
און די איבעריקע ברידער דרײַ
האָבן זיך מיט פערד-און-וואָגן ניט געשיידט דאָרט.

און געלעבט זיי האָבן זינגענדיק באנאנד,
קאָוועד אָנגעטאָן א מאמע — אומגעהײַער;
נאָך דער פײַנט באפאלן האָט דאָס לאנד,
זיך א לאָז געטאָן אף דעם מיט שווערד און פײַער.

ווו זײַן פוס גייט דורך — איז א געוויין,
ווו ער גיט זיך נאָך א קער — איז א געיאָמער;
מיט דער האק — אנטקעגן גרויס און קליין.
ניט קיין היים און ניט קיין לעבן איז ניטאָ מער!

אָפגעקלאָגט די מאמע האָט איר בראָך,
אז אזוי באשערט איז איר מיסטאמע,
אָפגעוויינט די ברידער און — דערנאָך
זיך ניט אָפגערעדטערהייט פארזאמלט

און אוועק צום פריזיוו — אלע פיר
און מיט קלומעקלעך אף פלייצעס זיך געמאָלדן:
— א באקאָשע האָבן זיי צו זאָגן פריר,
אף דער קריג זיי שיקן זאָל מען מיטאמאָל דאָ!

טראָגן וועלן זיי זיך שנעלער פונעם ווינט,
צודעקן מיט טרייסט דער מאמעס האָר די גראָע, —
שלאָגן וועלן זיי די ברוינע הינט,
אומברענגענע זיי וועלן זי, די כײַע-ראָע.

האָט עס די קאָמיסיע גלײַך באקלערט,
די באקאָשע אויסגעוויגן פון די ברידער,
און געמאָלדן דעם באשלוס זיי: — רעכט!
ס׳וועט זייער באקאָשע זײַן באפרידיקט!

אויסגעמאָסטן יעדן צפּן אָרט
און באַטראַכט פון יעדער זײַט מע האָט אים
און פאַרצייכנט און פאַרשריבן און — דערנאָך
מאַזלטאָוו אים אָפּגעגעבן: — גאָדיען!

אַלע זײַנען זיי געשטאַנען שטאָלץ,
אַלע שוין וואָס גיכער זיך געריסן,
דאָך האָבן זיי אַלע גלײַך געוואָלט
מיטאַמאָל נאָך עפּעס טאָן צו וויסן:

פינעף ברידער זײַנען מיר געווען,
איינער איז געהאַרגעט, איינער איז ניטאָ שוין, —
האָבן זיי צו דער קאָמיסיע זיך געווענדט, —
איז דערלויבט דעריבער נאָכעט א באַקאָשע.

און זיך אָנגערופן אַלע מיטאַמאָל
האָבן זיי צו דער קאָמיסיע שטיל זיך דעמלט:
— ניט פאַראַן קיין זון פון שטיין איז און פון שטאָל,
און אין דר'היים פאַרבלײַבט אליין אַן אַלטע מאַמע.

ווער זשע וועט א קוק טאָן דאָ נאָך איר?
און פאַרזען מיט עפּעס, וואָס סע פעלט איר?
זאָל דעריבער בלײַבן איינער פון די פיר
און א שוץ איר זײַן, אַן אָנלען אף דער עלטער!

האָט עס די קאָמיסיע גלײַך באַקלערט,
די באַקאָשע אויסגעוויגן פון די ברידער
און געמאָלדן דעם באַשלוס זיי — רעכט!
ס'ווערט זייער באַקאָשע גלײַך באַפרידיקט:

אַז א זון איז ניט פון שטאָל און ניט פון שטיין,
אַז אוועקגיין דאַרף מען ניט פון דר'היים צוזאַמען,
נאָר באַשטימען זאָלן זיי אַליין,
ווער פון זיי זאָל בלײַבן מיט דער מאַמען.

האָבן זיך די ברידער דורכגעשמועסט,
זיך אַן אַמפּער גלײַך געטאָן אינאיינעם
און געמאָלדן דער קאָמיסיע דעם באַשלוס:
בלײַבן וויל פון זיי אין דר'היים ניט קיינער!

איז געמאָלדנ די קאָמיסיע האָט פונ זיכ
פאר די פיר פארזאָרגטע ברידער דעמלט:
אז דאָס לאנד, וואָס האָט אזעלכע טרײַע זינ,
זאָרגנ וועט אליינ פאר זייער אלטער מאמע!



## פריילינג פונ באפרײַונג

— געשווינדער, פייגל! שטעלט אײַנערגעצ זיכ ניט אָפ!
שוינ אינ דער הייכ זיכ אופגעהויבנ האָט די זונ דאָ.
עס ווארפט די ערד דעם שניי פונ זיכ אראָפ,
פונקט ווי באנדאזשנ פונ פארהאמעוועטע וווּנדנ.

זי איז צעגראָבנ ווי פונ פאָקנ אונ באשײַנט
פונ פלאמ אונ סרייפעס אונ צעוויכערטע קאנאָנענ,
ווּ נאָר אדורכגעגאנ אפ אומגליק איז דער פײַנט,
ווּ נאָר געטראָטנ ס'האָבנ דײַטשישע טאליאָנים.

— פארהאלט ניט, שטראָמענ, זיכ אײַנערגעצ אפנ וועג,
די פעלדער הײַעט ניט צעשווענקענ אונ צעוואשנ.
בא יעדנ בוימ, בא יעדנ וואלגערשטיינ זיכ פרעגט,
זיי וועלנ אָנווײַזנ אײַכ גאסטפרײַנטלעכ אונ ראשיק:

די וועגנ ווארגנ זיכ מיט בראָכווארגדיקע בערג,
איבערגעלאָדענע אפ מײַדעוו-זײַט זיי פירנ;
פארוואָרפנ זײַנענ זיי מיט דײַטשישנ געווער,
פארמיסטיקט זײַנענ זיי מיט דײַטשישע פעגאָרימ.

— ניט זאמט זיכ, ווינטנ! איבער וועלדער זיכ צעווארפט!
דער פרילינג גרײַפט, א צעפאלאָכעטער אינדרײַענ;
ניט נאָר קיינ בליונג איצטער ברענגענ ער באדארפ,
אינ זײַנע טריט הערט זיכ ניצאָכנ אונ באפרײַונג

פאר אויסגעפײַניקטע אינ קלעמ אונטערנ יאָכ,
וואָס קוקנ שטיל ארויס אפ אימ דורכ אלע וועגנ;
—עפנט זיכ אופ מיט אײַער צויבער אונ פארשפראָכ,
אונ מיט געזאנג באגריסט אימ אונ באגעגנט.

שוינ אומעטומ ער איז, אינ יעדנ הויפנ ערד,
ווּ ווייצ ווּ גאָלדענער אונ שמעקנדיקער קאָרנ

וועט פאר דעם פײַנט זײַן א פארניכטנדיקע שווערד,
און פאר דעם היימלאנד — א געפאנצער פון קאיארן.

אין יעדן הארן און אין יעדער שמידערײַ,
ווו ס'שמידט זיך טרײַ און האפערדיק ס'געווער דארט,
ווו ס'שמעלצט אן אופהער פארן טויגע זיך דאס בלײַ,
ווו ס'גיסן קנאספן אן אפ ביימער זיך אין גערטנער,

אין יעדן אופגעוועקטן שטראל — ער איז שוין נאנט,
אין יעדן אפגענומענעם דערפעלע — שוין איז ער;
אין גרינער כאקי טוען וועלדער זיך שוין אן —
אפ שטורעם גרייטע — רויטארמייִשע דיוויזיעס!

אין יעדן טראט, אין יעדן קער פון פארטיזאן,
אין יעדן אופרײַס פון נעקאמע פון צעשטראלטער, —
געשווינדער, פייגל! אפן וועג זיך איצט ניט זאמט,
אינערגעץ דרישיקע זיך, שטראמען, ניט פארהאלט דארט!

ס'האט אויך דער מײַסטער ניט פארשפעטיקט צום ווארשטאט,
די ערד פארשפראכן האט דער פויער מיטן קערן —
דער פרילינג גייט ווי אפ מילכאמע א סאלדאט,
ס'בליענדט אפ זײַן קאפ א רויטארמייערישער שטערן!

ער טראגט די שווערד די זיגרײַכע פון פרײַהײַט,
ער טראגט פארניכט דעם פײַנט אפ אלע וועגן.
— גייט אים אנטקעגן! ס'וועט באצייכענען די צײַט
מיט אים די לעצטע און אנטשיידנדע געשלעגן.



## א שוועל פון פרילינג

אין פאנצער גאלדענעם פון מײַיִקן באגינען,
מיט שארפער שײַן, געשליפן ווי א שווערד,
גיט אפן רויטן פלאץ א שוועל הײַנט דער פרילינג
דער אויסגעפײַניקטער און טרויעריקער ערד,

די אפגעברענטע דערפער די פארלאזטע,
די גערטנער די דערשלאגענע, די אפגעצערטע שטעט,

א שוווּע מיט די אופרײַסן די ראַשיקע פון קנאָספּן,
מיט בליט מיט שוימיקן, באַפרײַטן ווי פון פּלעט.

— פאַרנעם זי, רוים פון אַלע קאָנטינענטן,
געצייכנטער מיט בלוט פון שכיטע אַפן האַלדז,
און ווידערהאָל זי הויך מיט צאָרן פון צעפּענטונג,
און ווידערהאָל זי בייז מיט פײַער אינעם האַרצ!

— זין פון דער ערד, וואָס דעם פאַרשטאַנד האָבן געפּלאַנצט דאָ
און אים יאָרטויזנטן געפירט צו ליכט — אַרויף,
שטייט קעגן כוּישעך אויף מיט גרויזאַמען געפּאַנצער,
קעגן פאַרדאַרבער קעגן בלוטיקן, — שטייט אויף!

— זין פון דער ערד, צו בליִונג אויפגעוועקט וואָס האָבן
א יעדן זומף, א יעדן טאָל, א יעדן באַרג,
הייבט אויף א שווערד קעגן דעם קאַברען פון איירָאָפּע,
וואָס גייט פאַרוויסטן אײַער מי און אײַער פּראַכט!

עפּנט, ווי קוואָרים, טײַכן, זיך פאַר אים אויף,
באַווילִיקט, גרונטן, ניט קיין אָרט פאַר זײַן געדעכ;
ניט אויפשײַנען פאַר אים קיין שטערן וועט אין הימל,
ניט בליִען וועט פאַר אים קיין גרעזל אַף דער ערד!

זאַפּט אָן מיט גיפט זיך, וועלדער, ביז די קרוינען,
זאָל יעדער בוים אַף אים זיך שלײַדערן מיט דראַנג,
און גייט, פאַרניכט דעם הײַשעריק דעם ברוינעם,
וואָס האָט די פּלאַנצונגען געראָטן פון געדאַנק!

ער וועט ניט הערן דאָס געזאַנג פון נאַכטיגאַלן,
פון מײַ די בליִונג זען ניט זײַן וועט ער אימשטאַנד,
די קלאָג פון סאָווע אין די האַלב-נאַכטן וועט פאַלן
ווי א פאַרניכטנדיקע קלאָלע אַף זײַן שטאַם.

ער איז אין אש, ער איז אין בלוט, ס'באַדאַרף קיין זון ער,
ער קוויקט מיט ראַש זיך פון פאַרגוואַלד און פון געוויין —
וועט זײַן אַזוי: ס'וועט אים דער פרילינגדיקער דונער
דעם צריקוועגס בעטן מיט דעם אַש פון זײַן געביין!

עס גיט א שוווּע הײַנט דער פרילינג דער באַפרײַטער
אַף פּלאַץ אַף רויטן דעם באַפרײַער פון דער ערד.

מיט הויכנ ווידערקאָל אינ אופגעוועקטע ווײַטנ
די רוימענ כאַזערנ זי איבער אונ די בערג.

א רויטער שטערנ אפנ פרילינג אָנגעטאָנ איז,
א שווערד פונ פרײַהײַט אונ פונ זיג איז אינ זײַנ האַנט, —
ער שטראָמט אינ שטאַלטנע, רוישיקע קאָלאָנעס
פונ יונגע זינ אונ טעכטער דורכנ לאַנד.

ער שטראָמט א מונטערער, א שלאַכטיקער, דער פרילינג.
עס ווייסט זײַנ אופגעשטראַלטער אימפּעט ניט קיינ צאמ
ניט אינ דער לופט, ניט אפ דער ערד דער גרינער,
ניט איבער בלויע פלאַכנ פונעמ יאמ.

ס'בליט אומעטומ דער באַרג זיכ אונ דער טאָל אויס
פונ יעדנ ריר זײַנעמ אונ פונ זײַנ יעדנ שפּאַנ,
ער שטראָמט אינ ווונדער-העלדישע כאַיאָלעס
אינ גאָר דער וועלט — פונ ראַנד צו ראַנד.

— זינ פונ דער ערד, צומ פרילינג פונ נעקאָמע!
— זינ פונ דער ערד, צומ שלאַכטיקנ פאַרזיי!
דער רויש דער ברויזיקער פונ קרירעדיקע שטראָמענ
שוינ אומעטומ פאַרטויבט איז פונ געוויינ,

וואָס טראָגט פונ לענדער זיכ פאַרפּײַניקטע, געשמידטע,
אונ פונ די היימלאָזע, פאַרווּרטיילטע צו פּײַנ.
א שווּע גיט דער פרילינג מיט געוויטער
אפ רויטנ פלאַצ מיט בלי פונ ערשטנ מײַ.

פאַרנעמ זי, רוימ, פונ אלע קאָנטינענטנ,
מיט בלוט געצייכנטער פונ שכיטע אפנ האַלדז,
אונ ווידערהאָל מיט צאָרנ פונ צעפּענטונג,
אונ ווידערהאָל מיט פײַער אינעמ האַרצ!



## עס בליט דער בעז

פאַרזאָרגטע קוימענעס אונ שוואַרצע בערגלעכ אש
אונ בעטלעכ קינדערשע, צעשלײַדערטע דערנעבנ —
ס'איז דאָ אדורכגעגאַנ דער טויט מיט סרייפעדיקנ ראַש,
מיט צלאָמימ דורכגערוישט האָבנ געפּאַנצערטע באַגרעבער.

זיי האָבן, גייענדיק, מיט ביינער אויסגעבעט דעם וועג,
אין זומפּ דעם רום פון רויב און מאָרד באגראָבן.
קיין גראָז וויל זיי אַפּ דר׳ערד ניט געבן א באדעק,
און שנאָבלען ווענדן פון זיי אָפּ בעסאלמענדיקע ראָבן.

פארקלערטע קוקן כורוועס איינס די צווייטע אָן.
זיי הערן איַין זיך אין די טריט פון פרילינגדיקן האָגל.
א טאָרבע אָנטאָן וואָלט א יעדערע געקאָנט
און מיט א שטעקן לאָזן זיך אַפּ וואנדער און אַפּ וואָגל.

נאָר זיי פארשטעלט דעם וועג דאָס גרינס פון פעלד,
וואָס דרייסט צו זיי זיך ראשיק ווי א צושלאָג,
און לייגט זיך צו צו יעדער אָפּגעברענטער שוועל,
און ברויזט זיי אופ מיט פרילינגדיקע קושן.

ס׳גייט אופ דאָס ברויט מיט שעפעדיקן שאָרך,
מיט ראש די זאנגען פון דער ערד זיך שפּארן.
עס האָבן פרויען היימלאָזע אַפּ מענערס אָרט
מיט הענט צעאקערט טויזנטער העקטארן,

דער ערד מיט פּיַין און ליבע זיך פארטרויט,
די ווארעמקייַט פון הארצ מיט פרייד איר אָפּגעגעבן —
פאר די, וואָס האָבן אין געשלעג באזיגט דעם טויט,
פאר די, וואָס זינגען מיט דער שווערד דעם הימן פון לעבן!

צעווישן כורוועס הוילע בלייט דער בעז,
א יעדער בראָכשטיק צערטלט ער און פעסטעט.
אהיים זיך אומקערנד פון זייַן צוגעסט,
האָבן די פייגל אויכעט ניט דערוויסט זייערע נעסטן.

איז וואָס? איז זינגען זיי דען ניט ווי אלעמאָל?
און בויען דען זיי ניט קיין היימען זיך קיין נייַע?
ביסט קיינמאָל אזוי שיין נאָך ניט געוועזן, פאָלק,
און קיינמאָל אזוי הייליק ניט געווען איז נאָך דייַן פרייַהייַט,

ווי איצט, ווען ס׳איז דייַן גורל — שלאכט
און אָפּפערונג פאר גליק — דייַן יעדער טראָט איז!
אַפּ נייַע ערטער איַילנדיק געבראכט,
האָבן זאוואָדן גיבערדיק געטאָן זיך א צעאָטעם,

אין הימל מיט די טרויבן זיך געטאָן א גראָב אַרײַן,
באַגינענס אַפ די אַקסל שמעלצנדיק צעווייעט —
און טויט-געפּערלעכע הארמאַטן פאַרן פּײַנט
זיך יאָגן זינגענדיק אַראָפּ פון די קאַנווייערס,

און ס'בליט מיט פּראַכט פון פרילינג א פאַרמעסט,
און גאַנצע געגנטן אין דראַנג זיך רופן איבער:
וואָס גיכער אויסגלײַען די בלוטיק-ברוינע פּעסט
פון פעלדער און פון שטעט געפאַנגענע און טריבע...

די טראַכט פון בערג מיט צאָרן זיך צעפֿראַלט,
מיט שוועס רײַסן זיך די הערצער די צעגליטע:
אין מאָסקווע הערט דער שמעלץ זיך פון אוראַל,
דער פראָנט פאַרלייגט די דאָמנעס פון מאַגניטקע,

עס וואַרפן שטערן זיך אין זיי אליין פון דר'הויך,
דאָס פײַער אָפּגעבן דער שלאַכט צושטײַער,
און ס'רײַסט אין וווּקס א יעדער בוים זיך מיט פאַרטרוי,
א יעדעס גראָז ציט אויס זיך טויקער, געטרײַער,

און ס'טראָגט דער ווינט פון בליונג דעם גערוך,
מיט צווייט באַדעקן אָפּגעברענטע שײַערס.
דער הימל קיינמאָל ניט געווען איז אזוי הויך,
און קיינמאָל ניט געווען די ערד איז אזוי טײַער

ווי איצט, ווען אָנגעטאָן אין רויטאַרמייִש קלייד,
איז זי מיט זאַפט מיט גרינעם פול איבער די ברעגן,
און שלאַכטנדיק און גראָד אנטקעגן רום זי גייט,
ווי ס'גייט די זון דעם פרילינג אַפ אנטקעגן.



## יול 1942

די היץ פון יול איז אויסגעמישט מיט פײַער פון געווער,
און גאָלד פון רײַפנדיקן ברויט — מיט בלוט פון די באַצווינגער;
עס שטײַגט דער איינס-אַפ-איינס אין גענעמדיק געפעכט
פאַר יעדן זאַנג, פאַר יערן בוים, פאַר יעדן ציגל.

מיט וואָרצלען קלאַמערט אין דער ערד זיך יעדער שטאַם,
די היץ אין סטעפּ צעפּלאַסטערט איז וואַטראָניש;

פאַרכלינעט האָט די שלאַנג אין פֿײַער און אין פֿלאַם
זיך בײַ די ווענט פֿון אַלטן רוסישן וואָראָניעזש.

און בלוטנדיק נאָך מער, דעם גיפֿטן־שלונג זי שפּאַרט
און וואַרפֿט זיך ברענענדיק פֿון אָרט צו אָרט דאָרט,
אַ יעדער הויפֿן ערד הייבט אויף זיך ווי אַ באַרג
און כראָמקענדיק צעקײַט אַ האָרדע נאָך אַ האָרדע,

און שטעלט זיך מוטיק קעגן בערג פֿון שטאָל,
וואָס זייער צאָל איז ניט געציילט און ניט געמאָסטן;
עס שוועבט אויף יעדער רוסלענדישער שטאָט
דער רום דער הערלעכער פֿון שלאַכטן אונטער מאָסקווע.

ניט צולאָזן דעם פֿײַנט! ניט אָפּטרעטן פֿון ראַנד!
די ערד די רוסישע ניט לאָזן צו פֿאַרשוועכן!
פֿון סוינעס שאַרבנס אויפֿשטעלן אַ וואַנט
און זײַן געווער ווי בראָך מאַציייוועדיק פֿאַרשטעכן!

די היץ פֿון יול פֿאַרפֿלייצט. די שלאַכט איז אין זעניט.
אויף וואָגשאָלן — גוירלאָלעס לייגן זיך צעפֿלאַקערט;
אַנטקעגן שטאָל און אײַזן — שטאַנדהאַפֿט פֿון גראַניט!
אַנטקעגן מערצאָל — האַס און וווּנדער פֿון געוואַגטקײַט,

וואָס ווייסט אין שלאַכט קיין אָפּהאַלט און קיין צאַם,
וואָס פֿלעפֿט דעם טויט און וואָס איז גיווער זײַנע קלעמער.
עס שוועבט דער העלדן־צויבער פֿון וואָלאָקאָלאַמסק
און דער געשטאָלטער גײַסט דער הויכער פֿונעם קרעמל...

דער סוינע קריכט אין פֿאַנצערס דרײַפֿאַכיק פֿאַרטאָן
צו יאַמען ווייַצ צו גאָלדענע, וואָס טריפֿן; —
די שלאַנג מיט אָפּגרונטן באַגעגן, שטילער דאָן,
דערטרינק זי אַ צעבראָקלטע אין דײַנע ברויזנדיקע טיפֿן!

און דײַנע פֿרײַע סטעפּעס ניט פֿאַרשוועכן לאָז
און כאָרעוו מאַכן לאָז אים ניט די בליִענדע סטאַניצעס,
ווי לידער יונג־קאַזאַקישע מיט לויטערן צעגאָס
פֿאַנאַנדערטראָגן איצט פֿון דײַנע טעכטער אַפֿן שניט זיך.

די אָדערן ער רײַכט זיך דורכהריזען דיר, דאָן,
זאָל בײַ דײַן בליִענדיקן ברעג זײַן לעצטער בראָך זײַן!

עס זאָטלען פעסטונגען געפּאַנצערטע די זין דײַנע איצט אָן,
ווי פערד קאַזאַקישע זיי זײַנען דײַנע זין געהאָרכזאַם!

און שטאָל — אַנטקעגן שטאָל! און צאָל אַנטקעגן צאָל!
און קעגן מערצאָל — האַס און העלדישע געוואַגן!
פאַר יעדן בוים — מיט לעבן דרײַפאַכיק באַצאָל!
פאַר יעדן זאַנג — אײַנײנעם מיטן פאַנצער פלאַקער!

ער שטײַגט, דער איינס-אָפּ-איינס, פון אונטער פלאַם און האַס,
די האָרדעס ווײַטער רײַסן זיך און שפּאַרן,
ס׳איז יול. נאָר ס׳וועקט זײַן שניי-רוקן דער באַרגיקער קאַווקאַז,
ער טוט אַ שטורעם אָן זיך שוין אין כמאַרעס.

די היץ פון יול צעשמעלצט. די שלאַכט איז אין זעניט.
אַף וואָגשאָלן — גוויראָלעס לייגן זיך צעפלאַקערט:
אַנטקעגן שטאָל און אײַזן — שטאַנדהאַפט פון גראַניט!
אַנטקעגן מערצאָל — האַס און וווּנדער פון געוואַגטקײַט!

——— ★✦★ ———

## דאָס דרײַ־און־פערציקסטע

עס קלינגט די צוועלפטע שאָ, פאַרשליסנדיק דאָס יאָר,
דאָס יאָר פון פײַן אַף גאָר דער ערד פאַרזייטן.
פאַר די אַפּאָסטאָלן פון מאָרד, פון געוואַלדטאַט און פון יאָך
טראָגט זי דעם איבערקלאַנג דעם גרויזאַמען פון קייטן
מיט אַ לעווײַעדיקן גלאָק באַנאַנד,
אין אונטערגאַנג אין שענדלעכן דערמאַנענד.
זי שוועבט איבער דעם שוואַרצן קייווערדיקן ראַנד
און וועקט די טפיסעדיקע האַלבנאַכט פון גערמאַניע:
— זאָלן די קלאָווים-ריטער אופשטיין פון דער גרוב
און די אַנטבלויזטע שאַנד די פינצטערע דערזען דאָ,
וואָס זיי האָבן אין בלוט, אַלס זייער שטאָלץ און רום,
אין די יאָרהונדערטן מיט גײַווע אָנגעווענדעט
און איבער גאָר דער ערד פאַרברעכעריש געפּרוּווט
די מאַכט פון מאָרד און רויב און פון באַצווונג צו שאַפן,
ווי דײַטשלאַנדס גראַדן, אײַזערנעם באַרוף
אין איר געזאַלבטקײַט הערשן און פאַרשקלאַפן.

זאָלן זיי זען אין זייער ווערעמדיקן גיר
אַפּ אַלגעוועלטיקײַט אַפּ העפקערשער פאַרמאָסטן —
אונטער דער לענין-שטאָט פון בראָך דאָס שטאָלענע געשוויר
און דאָס געביין פון פוילנדיקע האָרדעס אונטער מאָסקווע;
זאָלן זיי זען, — מיט קייווער-רום באַזויפן זאַט, —
ווי ס׳וואַלגערן צעוואָרפן און באַנאַנד זיך
הארוגים בערג אַפּ וועגן פירנדע צו סטאַלינגראַד,
און אַפּ די פעלדער — קאַסקעס ראָסטיקע און פאַנצערס,
מיט ציילעמס ברעזענע פאַרזייטע נאָכאַנאַנד
אַפּ שטרעקעס ווײַט לעבנגויס דעם דאָן און וואָלגע;
זאָלן זיי זען זייערע איבער־אָפּשטאַמענ באַם ראַנד,
די קעפּ פאַרפּאַקט אין שמאַטעס און אין טראָלדן,
די קישקעס — דורכשפּאַגאַטעוועט מיט שטריק,
און אָנגעשטופּט די בוזעמער מיט זעק פון גזילע;
זאָלן זיי זען דעם לעצטן פּיבער-מאַרש צוריק
פון מאַלפּעס קרעציקע אין פינצטערניש פון היילן.

צי וועט עס דען אין קייווער ניט דערמאָנען זיי
דעם בראָך דעם א׳יגענעם מיט פאַנצערס און מיט אײַזן?
ס׳איז עפּשער דעמלט אויך געגאַן א שניי
און אונטער פיס געבראָכן האָט דאָס אײַז זיך...
עס קלינגט די צוועלפטע שאָ, פאַרשליסנדיק דאָס יאָר,
דאָס יאָר פון פײַן אַפּ גאָר דער ערד פאַרזייטן.
פאַר די אָפּאָסטאָלן פון מאָרד, פון געוואַלדטאַט און פון יאָך
טראָגט זי דעם איבערקלאַנג דעם גרויזאַמען פון קייטן,
און אָנראַכמאָנעסדיק זי מעלדעט און דערמאַנט
פאַרזונקענע אין בלוט, ווי אין א הארבסטיקן געוויטער,
אַז דאָס איז זייער לעצטער ראַנד,
אַז דאָ וועט איבער זיי דער אָפּגרונט זיך פאַרשליסן!
די טויערן פון צײַט זײַנען צעשפּאַרט,
דער אורטייל ווי א שווערד אַנטבלויזט פון שייד איז.
עס גייט דאָס דרײַ-און-פערציקסטע אַרײַן אין שלאַכט
אַן אָנטיילנעמער זײַן און זײַן אַן איידעס
פון שלאַכטן ניט געוועזענע אַפּ דר׳ערד
און העלדנטאַטן ליכטיקע פון פעלקער — רויטאַרמייער,
וואָס קעמפן אויס די צוקונפט מיט דער שווערד
און סילעקן דאָס לעבן דאָ מיט ליבע און מיט וויי איר.

פון שניי זיך שפּרייט די אומעטיקע פּראַכט,
און קינד-און-קייט — צו אָפּפּער גרייט איז...
עס גייט דאָס דרײַ-און-פּערציקסטע אַרײַן אין שלאַכט
אַן אָנטיילנעמער זײַן און זײַן אַן איידעס
פון זיג איבער דער פינצטערניש אַף דר'ערד,
פון ליבע און געוואַגטקײַט אומגעהערטער,
פון דער גערעכטער שטראָפנדיקער שווערד,
וואָס ס'טראָגן שטאָלץ פון פאָלק די זין און טעכטער.
זײַן אָנקום זײַן זאָל זיבן מאָל געבענטשט,
זאָל מיטן אָנגריף אפן פײַנט באַגעגנט זײַן דאָס נײַ-יאָר
אין נאָמען פון דער צוקונפט און דעם מענטש,
אין נאָמען פון זײַן בלוט-באַצאָלטער פרײַהײַט!



## א יאָמטעוו זיין וועט אויך אַף אונדזער גאַס

ער שמעלצט אין פײַער זיך פון מוט און צאָרן.
ער צײַטיקט גרײַפנדיק אין פלאַם פון האַס.
און אופגיין וועט ער מיט געשאַל פון האָרן,
קאַיאָריק בלענדנדיק אַף אונדזער גאַס.

די טעג אין אונטערוועגס, די נעכט אין גראָבנס,
די וועגן פײַערדיקע — פּאַס נאָך פּאַס —
צעבליִען וועלן זיך מיט זיסע גאָבן
אין יאָמטעוו ליכטיקן אַף אונדזער גאַס.

זײַן טראָט האָט דורכגעהילכט אין וואָרט פון פּירער,
זײַן אָטעם דורכגעהויכט האָט עכט און האַרט:
קיין שפּאַן קיין אײַנציקן אין שלאַכט פאַרלירן,
דעם פײַנט ניט אָפּטרעטן קיין טראָט אין שלאַכט!

געליבטע ווארטן אין געפּאַנג פאַרשפּאַרטע,
און קינדער היימלאָזע — פאַרצערט און בלאַס;
דורך ניט געוועזענע, דורך הייסע שלאַכטן
ער גייט און נענטערט זיך צו אונדזער גאַס.

ער איז אין ווידערשטאַגד צום סוינעס רייען,
אין שטאַנדהאַפט שטאָלענער באַ יעדער לאַסט;
דורך ראַנד געפעסטיקטן אין די טראַנשייען
ז'דער קירצסטער וועג זײַנער צו אונדזער גאַס.

עס פרעגן ווינטן זיך, עס פרעגן שנייען,
דער שאָרך פון בלעטער־פאַל אין קלאַנג געפּאַסט:
— וואָס האָסטו אופגעטאָן דאָ, רויטאַרמייער,
אַז אים דערנעענטערן צו אונדזער גאַס?

מיר וועלן אויסקעמפן מיט מוט און ווי אים,
אַז ניט פאַרגיין זאָל ער, דער זיסער גאַסט.
דערווײַל צעבליט ער זיך אויף באַטאַרייען,
ביז ער וועט אָנקומען אויף אונדזער גאַס!

א וועג אים אויסבעטן אויף אַלע ראַנדן
מיט שאַרבנס פײַנטלעכע, מיט פײַנטס געביין,
און שלאָגן מוטיק זיך פאַר יעדן שפּאַן דאָ,
און אויסשטיין פּאָטערלעך א יעדן שטיין!

ביז לעצטער קויל — אָן שרעק, אָן איימע,
ביז גרונט פאַרניכטן דאָס צאָראַס.
עס וואַרטן מאַמעס אין די טריבע היימען
זײַן הייסן אָטעם אויף אונדזער גאַס.

ס'צעבליִען האָפענונגען הינטער גראַטעס
פון די פאַרטריבענע אויף ווי און יאָך.
דעם פירערס וואָרט — אין יעדן בלאַט איז,
אין יעדן שנייעלע, אין יעדן שאָרך:

פון ערד ווײַסרוסישער ביז קרימער שוועל דאָרט,
פאַרבראָכענע פון ווי און לאַסט,
דערוואַרטן ווײַנגערטנער און טריבע פעלדער
זײַן זיגרײַך אָנקומען אויף אונדזער גאַס.

ער שמעלצט אין פײַער זיך פון מוט און צאָרן.
ער צײַטיקט גרײַפנדיק אין פלאַם פון האַס.
און אופגיין וועט ער מיט געשאַל פון האָרן,
קאַיאָריק בלענדנדיק אויף אונדזער גאַס.



# מאָסקווע סאַליוטירט!

פונסנײַ צעגרינען אין סענטיאַבער זיך די פעלדער,
מיט יונגער בליונג טוט זיך אָן א יעדער טאָל.
— וואכ אוף פון אש פון סרײפעדיקן, בעלגאָראָד!
— צעשפרייט די פליגל די צעפּענטעטע, אָריאָל!

עס פליען אוף, ווי בלענד-פייגל, ראַקעטן
פון רויטן פלאַץ מיט א געהילכ: — זאָל הערשן ליכט!
— באפרײַטע ערד! דער רום מיט זאלפּן-טריט באטרעט דיך,
צו דיר די הויפּטשטאָט מאָסקווע סאַליוטירט.

צוויי הונדערט פיר און צוואַנציק מעכטיקע קאַנאָנען
א מאזלטאָוו דיר גיבן אָפּ אפ גאָר דעם לאנד!
פון רויכ דער רייעכ זיסער איז פון האָניק,
און אזא שטילקייט זיך פארשפרייט נאָכ יעדן קלאנג.

די האלבנאכט אָנגעטאָן איז בלענדיק אין באגינען,
דעם הימל ענג איז פון געויר און פון געברויז.
— באגעגן דײַן באפרײַונג, אוקראַינע!
— אנקעגן זין דײַנע, ווײַסרוסלאנד, גיי ארויס!

צוויי הונדערט פיר און צוואנציק מעכטיקע קאנאָנען
ווי א קאפעלע פון דער זיגרײַכער ארמיי.
ס'וועט יעדער גראָז, ס'וועט יעדער בוים דײַנער דערקאָנען
די גרויזאמע, די דונערדיקע פרייד!

מיט א געקנאל פון כעדווע אופגעוואכטער,
מיט הערצער פלאמיקע פאנאנדערוויגט פון רום
נעמט איצט, געלײַטערטער און אויסגעפלאָגטער כארקאָוו,
די מאמע מאָסקווע דיך ארום!

דער סוינע פלאצט און מער ניט אופהייבן זיך וועט ער,
שוין הייבט זיך אָן דער גרויזאמער געריכט.
— באפרײַטע ערד! מער וועט די פײַנד דיך ניט באטרעטן,
צו דיר דאָס לאנד דאָס גאנצע סאַליוטירט!

——— ★★★ ———

# אינהאלט



---